# ערשטעס קאפיטעל.

דעם 19-טען אפריל איז אינ'ם קליינעם אפיציעלען בלעטעל, וואס ערשיינט אין קארלבורג יעדען שבת, געדרוקט געוואָרען פאָלגענדע מיטטיילונג:

„זיין האָהייט דער קרוינפרינץ האט מיטוואך בעוויליגט אויס-צוהאלטען די עקזאמענס אין דער אנוועזענהייט פון זיין האָהייט דעם פירשט, זיין עקסעלענץ דעם מיניסטער פאָן-בראנדענבערג, זיין עקסעלענץ דעם ווירקליכען געהיימראט בער. די עקזאמענאַטאָרען זענען געוועזען דער אינספעקטאָר דאָקטאָר פינקע, דער העדר דירעקטאָר פון גימנאזיע פראָפעסאָר שניידעווינד און אלע לעהרער פון פירשטליכען גימנאזיום פראנץ-געאָרג. פאר די גריכישע, לאטיינישע, דייטשע, פראנצויזישע, ענגלישע שפראכען האט זיין האָהייט בעקומען דעם צייכען I, פאר מאטעמאטיק און נאטור-וויסענשאפטען — aII (גוט), פאר גאָטעס-לעהרע, היסטאָריע און געאָגראפיע — I — II (זעהר גוט). דער דורכשניטליכער צייכען איז I, דאס הייסט גלענצענד. דעם 1-טען מאי וועט זיין האָהייט דער קרוינפרינץ בעוויליגען אָבצופאָהרען אויף איין יאָהר אין היידעלבערג, צו הערען לעקציעס אין אוניווערזיטעט. זיין האָהייט וועט בעגלייטען דער דאָקטאָר פילאָזאָפיע יוטנער, וועלכער איז אין א משך פון אכט יאָהר געוועזען דעם קרוינפרינץ'ס לעהרער און ערציהער. אזוי ווי זיין האָהייט האט גלענצענד אויס-געהאלטען די עקזאמענס, דעריבער האט זיין האָהייט דער פירשט געשענקט דעם הערר דאָקטאָר פילאָזאָפיע יוטנער דעם טיטעל ראט".

דעם 30-טען אפריל, א טאג פאר'ן אָבפאָהר, האט דער נייער ראט געהאט א אודיענץ ביי זיין האָהייט דעם פירשט. דער פירשט, וועלכער איז פאר דער צייט אלט און דאר געוואָרען, איז געזעסען בי'ם שרייבטיש; נעגען איהם אויף א קליינעם שטוהל — דער קרוינפרינץ.

— מיינע אנשויאונגען זענען אייך בעקאנט, הערר ראט: איך וויל, אז די וויסענשאפטליכע בילדונג פון מיין קינדען זאל

געפֿיהרט ווערען אין דער זעלבער ערנסטער ריכטונג ווי ביז איצט. נאָכדעם ווי דער פּרינץ וועט פֿערברענגען אַ יאָהר אין היידעלבערג, וועט ער אַריינטרעטען אַלס אָפֿיציער אין גוואַרדיע, אין פּאָסטדאַמער הוזאַרען-פּאָלק — איך וויל, אַז דאָס קינפֿטיגע יאָהר זאָל זיין האָהייט פֿערברענגען נישט אין פֿערגניגען, נאָר אין אָנגעשטרענגטע און ערנסטע וויסענשאַפֿטליכע בעשעפֿטיגונגען. אין פּאָלק וועט דער פּרינץ נאָך בעווייזען צו בעקענען זיך מיט'ן וועלטליכען לעבען. ביז דאַן דאַרף דאָס אַרט לעבען פֿון זיין האָהייט זיך אויסצייכענען מיט איינפֿאַכהייט און איינגעהאַלטענהייט. בכלל דאַרפֿט איהר פֿאָראויס בעשטימען דעם פּלאַן פֿון קינפֿטיגען לעבען פֿון זיין האָהייט אין היידעלבערג. אַזוי וויל איך. איהר האָט מיך פֿערשטאַנען?

דער קליינער דאָקטאָר האָט זיך אַזוי ניעדריג איינגעבויגען, אַז זיין אָרדען — דער זאַקסען-קרייץ — האָט זיך פֿון ברוסט אַראָבגעגליטשט און זיך אָנגעהויבען דרעהען אין דער לופֿט.

דאַן האָט ער זיך נאָך אַ מאָל אַ בוק געטהון — די אוידיענץ איז געווען געענדיגט.

דורך לאַנגע פֿינסטערע קאָרידאָרען איז ער דורכגעגאַנגען אין רעכטען פֿליגעל פֿון פּאַלאַץ, וואו נעבען דעם פּרינץ'ס אַ פּאַרטאַמענטען האָבען זיך געפֿונען זיינע צוויי צימערען. אין די דאָזיגע פֿינסטערע קאָרידאָרען האָט געהערשט אַ ריח פֿון שימעל, ווי עס טרעפֿט שטענדיג אין די אַלטע שלעסער, און די אַפּריל-זון, וואָס האָט צייטענווייז אַפּגעקוקט פֿון הינטער די וואָלקענס, האָט קוים דורכגעדרונגען דורך די ניעדריגע פֿענסטער פֿון די קאָרידאָרען. אַזוי ווי שאָטענס זענען איבער די אָבגעבלאַקעוועטע טעפּיכען אַרומגעגאַנגען די לאַקייען, און ווען זיי זענען פֿאַר די פֿענסטער פֿערביי געלאָפֿען, האָט די זון בעלויכטען זייערע הויבע, מיט גאָלד פֿערגאָסענע פֿיגורען.

ווייטער זענען די קאָרידאָרען געוואָרען נאָך פֿינסטערער, די ווענד נאָך דיקער, די פֿענסטער נאָך ניעדריגער. לופֿט איז אין די דאָזיגע קאָרידאָרען אַזוי ווייניג געווען, אַז דער ראַט האָט זיך געשטיקט. ער האָט זעהר ליעב געהאַט ביער צו טרינקען.

נאָר די דאָזיגע ליעבע האָט איהם צו קיין גוטס נישט געבראַכט; נאָך מיט עטליכע מאָנאַטען צוריק האָט עס איהם אַזוי „אָנגעבלאָזען“, אַז ער האָט די אַסטמע בעקומען.

— דאָס לעבען אין הײדעלבערג וועט דיר נוצען ברענגען, — האָט צו איהם געזאָגט זיין פריינד, דער דאָקטאָר-מעדיצין שנײדער, — דאָרט וועסטו שפּאַציערען אויף די בערג.

— יאָ, הײדעלבערג וועט מיר נוצען ברענגען! — האָט דער דאָקטאָר אָבגעזיפצט.

ער איז אַלט געוועזען פינף און דרייסיג יאָהר, נאָר אויסגעזעהן האָט ער ווי העכער פיערציג.

— מיין גאַנץ אונגליק, — פלעגט ער אָפט זאָגען, — בעשטעהט אין דעם, וואָס איך בין אין הויף אָנגעקומען. וואָס פאַר אַ פרעהליכער און מונטערער מענש בין איך געוועזען, און וואָס איז איצט פון מיר געוואָרען! די אידעאַלען זענען שוין לאַנג פערוואָרפען, קיין פרייהייט האָב איך כלל נישט, דאָס געזונד פערדאָרבען. דער דאָזיגער פּאַלאַץ האָט מיך אומגעבראַכט.

זיינע פריינד האָבען געלאַכט פון איהם:

— אַ מאָדנער דאָקטאָר! ער לעבט ווי אין אַ גן-עדן: אַלע לעהרער הונגערען, און ער קויפט יעדען י[illegible]ר פּראָצענט-פּאַפּירען און בעקומט אָרדענס!

נאָר ער האָט פינסטער דעם קאָפּ געטרייסעלט

— יאָ, יאָ, זיי האָבען מיר מיין לעבען פערדאָרבען!

נאָר ענדליך זענען דאָך פערביי די דאָזיגע שרעקליכע אַכט יאָהר!

אין פראַק און מיט'ן אָרדען, ווי ער איז געקומען, האָט ער זיך אַראָבגעלאָזט אין זיין בעקוועמען שטוהל, אויסגעטרונקען עטליכע זופּען ליקער און פערלעגט די הענד אויפ'ן בויך. פאַר איהם זענען געשטאַנען צוויי גרויסע, מיט זאַכען אָנגעפּאַקטע קאַסטענס. אין וועלכע מען האָט נאָך געמוזט דעם פראַק אַריינלעגען.

טייערע קאַסטענס! דאָס זענען די סימבאָלען פון פרייהייט! הײנט הײדעלבערג! מאָרגען וועט ער שוין דאָרטען זיין!

ענדליך וועט ער זיך דאך בעפרייען פון די דאזיגע פייער־ליבע, לאנגווייליגע מיטאגען. ער וועט שוין מעהר נישט זעהן פאר זיך די שרעק־אניאגענדע קאמערהערען און מיניסטארען, די הויף־לאקייען, די קוטשערען! קיין זאך וועט איהם שוין מעהר נישט דערמאהנען דעם דאזיגען פינסטערען פאלאץ, אין וועלכען מען קאן פאר לאנגווייליגקייט שטארבען.

נאר איין קארל־היינריך, דער קרוינפרינץ! ווען נישט ער, וואלט ער שוין לאנג אנטלאפען פון דאנען.

פאר איהם אויפ'ן שרייבטיש זענען אין פערגאלדעטע רעהמ־לעך געשטאנען פינף אדער זעקס פאטאגראפיען, אויף וועלכע עס איז מיט א ברייטער האנדשריפט געווען אנגעשריבען: „מיין טייערען לעהרער. קארל־היינריך". „מיין טייערען פריינד, דעם דאקטאר־פילאזאפיע יוטנער. קארל־היינריך". „מיין טרייען וועג־ווייזער, קארל־היינריך".

אויף דער ערשטער פאטאגראפיע איז דער פרינץ אלט געווען צוועלף יאהר; דאס איז געווען א שען יונגעל מיט פולע באקען, מיט גרויסע פערטראכטע אויגען; אויף די איבעריגע פאטאגראפיעס איז דער פרינץ געווען אויסגעמאלט אלס א שלאנקער בחור, מיט א מאגערען און וועניגער פריינדליכען געזיכט. די האהר זענען שוין נישט געווען אין לאקען געקרייזעלט, נאר צוגעשוירען ווי ביי סאלדאטען.

דער דאקטאר האט גענומען פון טיש איין פאטאגראפיע נאך דער אנדערער, און פאר זיינע אויגען זענען פערביי די דאזיגע גאנצע אכט יאהר, פול מיט שרעקליכער לאנגווייליגקייט. מיטאגען, בעגריסונגען, זעהר וועניג ארבייט און שרעקליך וועניג פרייד־קנאה פון די קאלעגען, נייע פראקען, נייע ווייסע וועסטען, ארדענס, עהרען־טיטלען, שפאצירען אין עקיפאזש, בענק־שאפט, און אלס רעזולטאט פון דעם אלעם — די קראנקהייט פון הארץ־פערפעטונג. די זעלבע קראנקהייט, פון וועלכער עס ליידען די אונגליקליכע שטראסבורגער גבירים.

— שפאציער יעדען טאג צוויי שטונדען נאך מיטאג, — האט איהם טאג־טעגליך זיין פריינד־ווידערהאלט. ער האט ארויס־

גענומען דעם זייגער פון וועסט-טאש, — מען מוז שוין אנהויבען די דאזיגע מיער מאכענדע און לאנגוויילינגע רייזע.

נאר דער ארימער ראט האט אין זיך קיין קרעפטען נישט געפונען פאר אזא מסירת-נפש.

— „ערשטענס קאן יעדע מינוט אנהויבען פאלען א רעגען, האט ער א קלער געטהון, — און אויסער דעם לוינט שוין היינט נישט זיך צו פייניגען. אין היידעלבערג וועט שוין אלץ ווערען אנדערש, דארט וועל איך גאנצע טעג שפאציערען. אפשר וועל איך נאך געזונד ווערען, אויב איך וועל פיהרען א רוהיג לעבען, נישט עסען און טרינקען קיין סך און וועל מיט קארלען אויף די בערג קריכען".

אין קאמין האט פרעהליך דאס האלץ געקנאקט, און ווייכען ווארימען שטוהל איז געווען אזוי אנגענעהם צו זיצען, אז ער האט די אויגען פערמאכט. אין קאפ איז איהם א געדאנק דורכגעפלויגען, אז ער צעקנייטשט זיין פראק און ס'איז גלייכער אנצוטהון דעם סאמטענעם ראק; ער האט זיך שוין א הויב געטהון, זיך בעמיהט די אויגען צו עפענען, נאר די מיעדקייט האט איהם גובר געווען.

„דעם פראק וועט מען אין היידעלבערג קאנען אויספרעסען".

ווען דער קרוינפרינץ איז אין א האלבע שעה ארום צו'ם דאקטאר אריינגעקומען, האט דער לעצטער הויך געחראפעט. דער פרינץ האט א שמייכעל געטהון און בעדעקט די קניה פון שלאפענדען מיט דער גרינער קאלדרע, וואס איינע פון דעם ראטס מוהמעס האט איהם אויסגעשטריקט צו זיין געבורטסטאג; דאן איז ער שטיל אויף די שפיצען פינגער פון צימער ארויס.

און דער דאקטאר איז נאך אלץ געשלאפען, און געחלום'ט האט זיך איהם, אז ער איז אין היידעלבערג, און דערצו נאך איז ער אזוי שלאנק און יונג, ווי ער איז געווען מיט פונפצעהן יאהר צוריק, ווען ער איז נאר אין לעבען אריינגעטרעטען.

* * *

דער קוריער-צוג שטעלט זיך אב אין קארלבורג נאר פאר

די העכסטע און הויכגעשטעלטע פּערזאָנען.

ווען ער איז רעש'ענדיג צו דער סטאַציע צוגעפאָהרען, האָבען די הויף-לאַקייען געעפענט די שווערע דעמבענע טהירען פון די פירשטליכע צימערען, און דער פירשט, געקלײדט ווי א גענעראַל, איז פאַמעליך אַרויס אויף די פּלאַטפאָרם, אָנגעשפּאַרט אָן זיין קוועך דעם קרוינפּרינץ. צוויי מאָל האָט ער דעם פּרינץ געהאַלזט, און דאַן, ווען דער פּרינץ איז אַריין אין קופּע פון ערשטען קלאַס, האָט זיך דער פירשט אָנגעשפּאַרט אויף די ברייטוויליג אויסגעשטרעקטע האַנד פון זיין קאַמערהערר.

די טהירלעך פון די וואַגאָנען, פון וועלכע נייגיעריגע קעפּ האָבען זיך אַרויסגעשטעקט, האָבען די קאָנדוקטאָרען האַסטיג צוגעקלאַפּט. דער הויף-מאַרשאַל האָט א צייכען געגעבען דעם נאַטשאַלניק פון דער סטאַנציע אין'ם רויטען היטעל און ווייסע הענדשקעס, דער אָבער-קאָנדוקטאָר האָט א פייף געגעבען, דער לאָקאָמאָטיוו האָט געענטפערט מיט א הייזעריגען ריטש און דער צוג האָט זיך פאַמעליך אין וועג געלאָזט.

קאַרל היינריך איז געשטאַנען בײ'ם פענסטער און זיך נאָך מאָל מיט דרך ארץ פערנייגט פאַר זיין פעטער דעם פירשט. איניגע סעקונדען האָט ער נאָך געזעהן פאַר זיך די אָפיציערען, וואָס האָבען איהם דעם „כבוד" אָבגעגעבען, און די קאַמערהערען, וואָס זענען געשטאַנען מיט אָבגעדעקטע קעפּ, דאַן האָבען דורכגעבליצט די טרעגער און אַרבייטער, וועלכע האָבען זיך גלייך אויסגעשטעלט אויפ'ן עק פון דער פּלאַטפאָרם... און דער פּרינץ האָט ערלייכטערט אָבגעזיפצט.

נאָר פון פענסטער איז ער נישט אָבגעגאַנגען. דער דאָקטאָר האָט איינגעלעגט זיין צילינדער און דאַן האָט ער אַרויסגעשלעפּט א דונקעל-גרינע קעסטעלדיגע וועג-היטעלע.

קאַרלבורג איז פערשוואונדען געוואָרען פון די אויגען, דער צוג איז געפלויגען דורך לאַנגענהאַגענער וואַלד, דאַן זענען דורכגעפלויגען די דערפער ראָטענבערג און גודע, און ענדליך, — דער פּרינץ האָט דאָס דאָזיגע אָרט גוט געקענט — האָט זיך די גרענעץ בעוויזען. דער קוריער-צוג איז מיט א פייף דורכגעפלויגען

דורך איהר ,

דער פּרינץ האָט נאָך אַ מאָל טיעף אָבגעזיפצט .

דאַן איז ער צוגעגאַנגען צו זיין בעגלייטער, וואָס האָט עפּעס זעהר בעז געזוכט אין זיין רייזע-טאַש

דער פּרינץ האָט זיך צעלאַכט .

— איהר זוכט אוודאי דעם וויין, דאָקטאָר ?

— ניין , דעם וויין האָב איך אָט דאָ ; נאָר קיין גרייצער האָב איך נישט . איך וויל שרעקליך טרינקען .

זיי האָבען אָנגעהויבען שמועסען , נאָר דער דאָקטאָר האָט געהאַט איין אונגעהויערען פעהלער : ווענען וואָס מען זאָל נישט רעדען מיט איהם , האָט ער שטענדיג ארויפגעבראַכט דעם שמועס אויף זיין אייגענע פּערזאָן . ער האָט פון פּאַלטאָ אַרויסגענומען אַ בראָשורע מיט אַ ראַזיגער הילע : „אַ מיטעל זיך אויסצוהיילען פון פעטקייט״ , און אָנגעוויזען דעם פּרינץ אויף אייניגע שטעלען , וואָס זענען געווען אונטערגעצייכענט מיט בלויען בלייפעדער :

— איצט וועל איך זיך היילען לויט דער דאָזיגער מעטאָדע.

איך וועל שוין מעהר אין מייל נישט נעהמען נישט קיין פוטער , נישט קיין רייז, נישט קיין ריבען און וועל מעהר קיין פעטס נישט עסען . מיט איין וואָרט , איך וועל בלינד פאָלגען די פאָרשריפ-טען פון דעם דאָזיגען דאָקטאָר. לייענט נאָר איבער אָט דאָ.

קאַרל-היינריך האָט נישט ווילענדיג געמוזט שטודירען אַלע ווערק , אין וועלכע עס האָט זיך גערעדט וועגען זיין לעהרערס קראַנקהייט ; אויך איצט האָט ער איהם נישט געוואָלט קיין עגמת-נפש פערשאַפען און האָט אָנגעהויבען לייענען די אונענדליך לאַנ-גע רעצעפּטען .

„אין דער פריה דאַרף מען געניעסען אַ גלעזעל קאַווע אָדער טהעע מיט מילך און 75 גראַם ברויט , דער מיטאָג דאַרף בע-שטעהן פון 200 גראַם זופּ , 200 גראַם פלייש און 25 גראַם ברויט . אין אָוועגד איז ערלויבט צו עסען איינע אָדער צוויי שיטערע אייער א. א. וו.

נאָר ענדליך האָט עס איהם דערעסען .

— האַפּט דאָס אַלץ דער טייוועל, דאָקטאָר ! בעקלערט

יך נאר, מיר פאהרען דאך אין הײדעלבערג! — ער האט איהם לײכט אין פלײצע א קלאפ געטהון. — מיר פאהרען זאלבעגאנד און ארום אונז איז נישטא קײנער, וואס זאל אונז קאנען מוסר זאגען! אויף מײן עהרענוואָרט, איך קאן נאך אלץ צו זיך נישט קומען! ציז דען איז דאס טאקי אויף אנ'אמת? הערט נאר, דאקטאר, אויב איהר וועט גלײך דאס בוך נישט בעהאלטען, וועל איך עס דורכ'ן פענסטער ארויסווארפען.

דער דאקטאר האט פויל א שמײכעל געטהון

— גוט, גוט.

א מערקווירדיגע זאך: שוין עטליכע מאנאטען ווי ער האט זיך נעריכט צו דעם דאזיגען פרײדיגען טאג. ענדליך איז דער דאזיגער טאג אנגעקומען, — זײ פאהרען קײן הײדעלבערג, זײ זענען פרײ, און דאך האט ער קײן בעזונדערע שמחה נישט געפיהלט.

„דער דאזיגער טאג איז צו שפעט אנגעקומען, — האט ער געקלערט. — ווען דאס וואלט געווען מיט א יאהר צוריק, איצט וועט קארלען אויסקומען נאר מיך צו בעגראבען אין הײדעלבערג".

דער פרינץ איז ווידער צוגעגאנגען צו'ם פענסטער, און איבער דעם ראט'ס דיקע באקען האבען זיך אראבגעקוילערט צוויי טרעהרען, וועלכע ער האט בגנבה מיט דער האנד אויסגעווישט.

— ווי דאס לויפט אלץ פאר די אויגען! — האט דער פרינץ געזאגט. — וואונדערבאר. א שטארך! יא, יא — אט דארט, אויף דער לאנקע. טהוט נאר א קוק, דאקטאר! גיכער, גיכער!

דער דאקטאר איז אונטערטעניג צו'ם פענסטער צוגעגאנגען נאר ער האט קײן שטארך נישט דערזעהן, און דערצו נאך האט עס איהם כלל נישט אינטערעסירט.

— איך וואלט געקאנט בײ'ם פענסטער א גאנצען טאג שטעהן. ווי אינטערעסאנט איז דא צו קוקען! עס לויפען דיר דורך פאר די אויגען דערפער, שטעדט, בערג, וואס דו האסט נאך קײנמאל נישט געזעהן. טהוט נאר א קוק, וואס פאר א שענע מיהל!

קארל-הײנריך האָט זיך ענטװיקעלט מיט אַלץ אַזױ װי אַ קינד, װאָס פֿאַהרט צו'ם ערשטען מאָל מיט דער אײזענבאַהן. נאָר אײן מאָל אין לעבען איז ער אַרױסגעפֿאָהרען פֿון די גרענױצען פֿון זײן פֿירשטענטום, נאָר דאָס איז געװען שױן אַזױ לאַנג, נאָך מיט צעהן יאָהר צוריק. דאַן איז ער צוזאַמען מיט'ן פֿעטער געפֿאָהרען אין דרעזדען, צו'ם זאַקסישען קעניג. אין קאַרלבורג איז זעלטען אױסגעקומען צו פֿאָהרען מיט דער אײזענבאַהן, װײל אין דעם דאָזיגען קלײנעם פֿירשטענטום האָט נישט עקזיסטירט קײן גרױסע שטרעקען און מיט דער אַקס האָט מען געקאָנט גיכער בעװײזען װי מיט דער באַהן, װאָס געהט נאָר אין בעשטימטע שטונדען.

אױף אַלע װאָקזאַלען איז געװען לעבהאַפֿט, רױשיג, פֿרעמדע געזיכטער, ענגלענדער, אָפֿיציערען, אַ קלאַפּערײ, אַ לױפֿערײ— דאָס אַלץ איז אַזױ נישט ענהליך געװען צו יענער פֿײערליכער שטילקײט, װאָס האָט אין קאַרלבורג געהערשט.

אין בערבראַ איז צו'ם קופּע צוגעגאַנגען דער קאָמענדירענדער הערר לוץ און מיט אַ אָבגעדעקטען קאָפּ האָט ער זיך געפֿרעגט זײן האָהײט, צי װעט נישט זײן עפּעס אַ בעפֿעהל; ער האָט דאָס געטהון מיט אַזאַ פֿײערליכקײט, אַז אַלע אַרומיגע זענען אױפֿמערקזאַם געװאָרען אױפֿ'ן פּרינץ.

קארל-הײנריך האָט איהם געענטפֿערט מיט אַ פֿיעל שאַרפֿערען טאָן װי געװעהנליך:

— איך בעט אײך צו בלײבען אין אײער קופּע און מיך נישט בעאונרוהיגען.

ער האָט זיך אַלײן געװאונדערט אױף זײן מוטיגקײט, װײל אין אמת'ען איז עס פֿון פּרינץ'ס זײט געװען אַ גרױסע חוצפּה אַזױ צו רעדען מיט לוץ'ן. דער הערר לוץ איז ביז איצט געװען נישט מעהר און נישט װעניגער װי דער צװײטער קאָמענדירענדער פֿון זײן האָהײט דעם פֿירשט, און אַלע הױפֿ-לײט האָבען זיך בעצױגען צו איהם מיט דרך ארץ און די לאַקײען מיט שרעק. אַלס אַ קרוב למלכות איז לוץ פֿערעהרט געװאָרען פֿון אַלע פּערזאָנען, װאָס זענען געװען אַרום פֿירשט. דאָס, װאָס ער איז בעשטימט געװאָרען אַלס קאָמענדירענדער בײ'ם קרױנפּרינץ, האָבען אַלע אױסגע-

טײַטשט אין דעם זין, אז לוץ'ן איז איבערגעגעבען געוואָרען נישט נאָר צו געפינען זיך בײַ'ם פּרינץ אין הײַדעלבערג, נאָר אויך צו זײַן דער לײַטער פון קאַרל-הײַנריך'ס גאַנצען צוקונפטיגען לעבען.

הערר לוץ איז בלאַס געוואָרען ווי די וואַנד, און עס האָט זיך געדוכט, אז ער איז אויף אײן אויגענבליק שטאַרק צעמישט געוואָרען; נאָר ער האָט נישט פערגעסען, ווער ער איז, זיך גלײַך בעהערשט, זיך פערנײַגט מיט דרך ארץ און איז אָבגעגאַנגען פון פּרינץ'ס קופּע.

ווען דער צוג האָט זיך מיט צוויי שטונדען שפּעטער אָבגעשטעלט אין פראַנקפורט, האָט לוץ'ס הילף שטאַרק געפעהלט, ווײַל אי דער פּרינץ, אי דער דאָקטאָר זענען געווען שרעקליך הונגעריג. וואָס זאָלען זײ טהון?

— גאַנץ פּשוט, — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, — מיר וועלען אַלײן געהן.

— וואוהין?

— אין בופעט. מיר האָבען צײַט צוואַנציג מינוט.

— נאָר...

— וואָס איז? וואָס איז דאָס אזוי אונגעוועהנליך?

— גוט...

אין בופעט-זאַל איז געווען אזא שטויסעניש, אז דער דאָקטאָר האָט עמיצען אויף די פיס א טרעט געטהון און פערלאָרען דעם פּרינץ פון די אויגען.

געשטויסען פון דער מאַסע איז דער פּרינץ צוגעשטופּט געוואָרען ביז'ן בופעט. און עמיץ האָט צו איהם א געשרײ געטהון מיט א פרישער, קלאַנגפולער שטימע:

— וואָס ווינשט איהר, הערר?

ער איז גאָר צעמישט געוואָרען, נאָר דאָס בופעט-מעדעל, א פול מעדעל מיט אויגען שוואַרצע ווי קויהל, האָט אונגעדולדיג א זאָג געטהון:

— קלײַבט זיך אויס, הערר, וואָס איהר ווילט, נאָר פערהאַלט נישט די איבעריגע! איהר ווילט קישקעלעך אָדער א קאַלטען קאָטלעט?

ער האט זיך פערלעגען אומגעקוקט, געזוכט דעם דאקטאר מיט די אויגען, נאר דער דאקטאר איז נישט געווען, דאן האט ער אין פערצווייפלונג א חאפ געטהון א פאר פעטע קישקעלעך, איינגעוויקעלט אין ברודיגען פאפיער.

— פיערציג פעניג!

ער האט ארייגעשטעקט די האנד אין איין קעשענע, אין א צווייטע, א דריטע — ער האט קיין געלד געהאט!

— פיערציג פעניג!

— יא, יא...

די לאגע איז געווען גאר נישט אנגענעהם, עמיץ האט הינטער איהם געשריען:

— לאזט שוין א מאל צו צו׳ם בופעט, דאנערוועטער!

אלע האבען זיך געשטויסען, איינער דעם צווייטען אויף די פיס געטרעטען, איינער האט געשריען: „ביער!" א צווייטער: „א פאר קישקעלעך!" — פשוט, מען האט געקאנט פון זינען אראב. קיינמאל איז נאך דער פרינץ אין אזא שרעקליכער לאגע נישט געווען: אין דער לינקער האנד האט ער געהאלטען די קישקעלעך, און מיט דער רעכטער האט ער אומזיסט געלד געזוכט. פאר פערלעגענהייט און חרפה איז ער שטארק רויט געווארען.

ענדליך האט זיך דאס מעדעל דערבארעמט אויף איהם — דער שענער בחור איז איהר זעהר געפעלען:

— נעהמט די קישקעלעך, און געלד וועט איהר דערנאך ברענגען.

סוף כל סוף האט זיך דער דאקטאר דאך דורכגעשטופט דורך דער מאסע און בעצאהלט אין בופעט.

קוים מיט מיה האבען זיי זיך צוריק געשטופט. זיי האבען פערנומען א פלאץ ביי א אונבעדעקטען טיש און אנגעהויבען גיעריג צו עסען די הייסע קישקעלעך.

— וואוהין פאהרט איהר, מיינע הערען? — האט געפרעגט דער שווייצער, וואס האט געהאלטען אין האנד א גרויסען לאק.

— אין היידעלבערג.

— אײַך בלײַבט נאָך אַ פֿירטעל שטונדע; פֿיעל צײַט.

— װעט איהר נישט טרינקען אַ קופּעל ביער? — הײ׳ם איהם גאָבגעשריען דער דאָקטאָר, װעלכען דער קעלנער האָט צוגעטראָגען דרײַ קופּלעס ביער.

דער שװײַצער איז צוריק געקומען, געדאַנקט און אויסגעלעדיגט דעם קופּעל.

— לחיים אײַך, מײַנע הערען. דער יונגער הערר איז געװיס אַ הײַדעלבערגער סטודענט?

— געװיס, — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט; ער איז שוין איצט געװען אין אַ אויסגעצײַכענטער שטימונג.

— אויב אַזוי, אַ גליקליכע רײַזע.

— אַ דאַנק!

דער פּרינץ איז געזעסען װי אין חלום. ער האָט בײַ׳ם דאָקטאָר גענומען אַ ציגאַר און פֿעררױכערט. צו׳ם טיש זענען צוגעגאַנגען צװײ הערען און אָהן אַ שום שאלות זיך געזעצט נעבען איהם. אַרום איהם איז מען געלאָפען, געשריען, יעדער האָט זיך נאָר װעגען זיך געזאָרגט. בײַ אַ טישעל דערנעבען איז געזעסען אַ גאַנצע טוץ שילערינס מיט זײער לעהרערין. זײ האָבען עמיצען בעגלײַט, נאָר זײער גאַנצע אויפֿמערקזאַמקײַט האָבען זײ אָנגעװענדעט אויף קאַרל-הײַנריך׳ן און פֿון איהם קײן אויג נישט אַראָבגענומען; נאָר זײ האָבען גאָר נישט געקוקט אויף איהם מיט דרך ארץ, אַזוי װי די יונגע דאַמען אין קאַרלבורג, נאָר געװאָרפֿען אויף איהם שעלמישע בליקען און געלאַכט און געשטיפּט מיטאײַנאַנדער.

— אָט דאָס איז לעבען, נישט אמת? — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט.— פֿרעהליך, יאָ?

און דער פּרינץ האָט אַ שאָקעל געטהון מיט׳ן קאָפּ.

קײנער אויסער די צװעלף מעדלעך האָט אויף איהם קײן אַכט נישט געלעגט; עפּעס אַ דיקער הערר האָט זײַן שטוהל אַ שטופּ געטהון און זיך נישט ענטשולדיגט.

-- קעלנער, — האָט דער דאָקטאָר אויסגעשריען, — נאָך צװײ קופּלעס ביער, אָבער שנעלער!

שעמעווריג, פון אונטער'ן שטערן האט קארל-היינריך געקוקט אויפ'ן דאקטאר. יוטנער איז נישט צעמישט געווארען, ער האט זיך זעהר גוט געפיהלט אין דער דאזיגער שטויסעניש. בכלל איז איהם שוין איצט שווער געווען צו דערקענען. דארט, אין קארל-בורג, איז ער געווען גאר אנ'אנדער מענש. ביער איז איהם שטרענג פערבאטען געווען צו טרינקען, נאר דא האט ער אין א משך פון צעהן מינוט שוין אויסגעטרונקען צוויי דריי קופלעס.

דער דאקטאר איז אויפגעשטאנען.

— צייט. א וואונדערבארע שטאדט פראנקפורט. די קינס-טיגע וואך וועלען מיר זיך איבערפאהרען אהער און פרעהליך די צייט פערברענגען. פון היידעלבערג אהער איז מיט דער האנד צו דערלאנגען.

ווען זיי האבען זיך שוין בעזעצט אין קופע, האבען די צוועלף שילערינס אנגעהויבען ארומצושפאציערען פאר זייערע פענסטער, און ווען דער צוג האט זיך פון ארט געריהרט האבען אלע צוועלף אנגעשטעלט זייערע בליקען אויפ'ן פרינץ, און איינע פון זיי האט זאגאר א טיכעל ארויסגענומען און געמאכט דערמיט עטליכע מאל אין דער לופט אלס אבשיידס-צייכען.

— אט דא אין פראנקפורט זענען דא אמת'ע פרויען, — האט זיך דער דאקטאר צעלאכט, — נישט אזוי ווי ביי אונז.

פראנקפורט איז פערשוואונדען געווארען, דער דאקטאר האט אנגעהויבען עפעס זוכען אין זיין רייזע-טאש, און קארל-היינריך איז ווידער צוגעגאנגען צו'ם פענסטער און זיך אנגעשפארט מיט'ן הייסען שטערען צו דער קאלטער שויב.

פרויען — אויך דאס איז פאר איהם א גאנץ נייער בעגריף געווען. די ערציהונג, וואס ער האט בעקומען, איז געווען זעהר א שטרענגע. א נזיר'ישע, ער איז געוואקסען איינזאם, אהן חברים, ווייט פון אלעם דעם, וואס האט נישט געהאט קיין שטארקע שייכות מיט דעם קארלבורגער הויף-לעבען. און ממילא אויך פון פרויען. דער פירשט איז געווען א אלמן, קיין קינדער האט ער נישט געהאט, בעלער זענען אין הויף גאנץ זעלטען פארגעקומען און די לעצטע צעהן יאהר האבען זיך אין קארלבורגער הויף

במעט אינגאנצען קיין פרויען נישט געוויזען:

עס האט אנגעהויבען דונקעל ווערען. ווען דער צוג איז פאר דארמשטאדט פערביי איז נאכט געווארען.

דא און דארט האבען פייערלעך געגלאנצט. דער רהיין איז געלעגען אויף מזרח זייט, פיעלייכט נישט מעהר ווי אשטונדע פון דאנען. דער רהיין! זיד-גערמאניען! רעכטס — די ארענוואלדער בערג! אלץ שוין לאנג בעקאנטע געגענדען, לויט זייערע נעמען, פון די געאגראפישע לעהרביכער!

דער צוג איז געפלויגען מיט א אונגעהויערער שנעלקייט און אוועקגעטראגען קארל-היינריך'ן אלץ ווייטער און ווייטער פון צפון, ווייטער פון יענעם פינסטערען שלאס, וואו ער האט פערבראכט זיינע איינזאמע און פריידלאזע קינדער-יאהרען.

---

## צווייטעס קאפיטעל.

— היידעלבערג, היידעלבערג! — מיט דעם דאזיגען אויסשריי זענען די קאנדוקטארען געלאפען איבער דער פלאטפארם און אויפגעפעגט די טהירען פון די וואגאנען—דער צוג שטעהט פינף מינוט!

— פאר אונז א גאנץ יאהר, — האט דער דאקטאר בעמערקט. פון דארמשטאדט אן ביז אהער איז ער געשלאפען און איז דעריבער געוועזען אין דער בעסטער לוינע. — וואס פאר א גליקליכע ווירקונג דער שלאף האט!

הערר לוץ מיט א אונבעדעקטען קאפ האט זיין האהייט געהאלפען אראבגעהן און ארויסגעטראגען פון קופע די רייזע-טאשען און די שירעמס און זיי איבערגעגעבען דעם הויף-פוהריער, וועלכער איז געקומען קיין היידעלבערג נאך מיט דריי טעג פריהער, כדי צו דינגען א וואהנונג פאר זיין האהייט, בעשטעלען עקיפאזשען און צוגרייטען אלץ, וואס איז נויטיג.

די אנגעקומענע זענען דורכגעגאנגען דורך דער פלאטפארם צו'ם ארט, וואו די עקיפאזשען שטעהען, פאראוים איז געגאנגען דער הויף-פוהריער. דריי טריט הינטער איהם הערר לוץ, דא-

דער פרינץ און צו'ם סוף דער דאָקטאָר.

דער הויף-פוהריער איז געבליבען שטעהן ביי א פראַכטפולען לאנדאָ מיט א קוטשער אין א ליווּרעע און געעפענט דאס טהירעל פון עקיפּאַזש. דער פרינץ האט זיך שוין געוואלט זעצען אין לאנדאָ, נאָר דער דאָקטאָר האט איהם אָבגעהאַלטען.

— לאָמיר זיך דורכגעהן צו פוס, אזא שעהנער אָווענד.

דער פוריער האט ערשטוינט א קוק געטהון אויף הערדן לויז, דער לעצטער אויך אזוי ערשטוינט — אויפ'ן פרינץ, און קארל-היינריך — אויפ'ן דאָקטאָר.

— צו פוס?

— נו יאָ! פאַרוואָס דען נישט?

— אויב איהר ווילט...

— וואו איז אונזער וואָהנונג?? — האט דער דאָקטאָר געפרעגט דעם פוהריער.

— אויף באַזאַר-פלאַץ, הויז נומער 18.

— זעהר גוט.

און לאַזענדיג אין ערשטוינונג לויז'ן, דעם פוהריער און דעם קוטשער זענען זיי אין שטאָדט צו פוס געגאַנגען.

קארל-היינריך איז נאָך איבער די גאסען קיינמאָל נישט געגאַנגען צו פוס: אין קארלבורג איז שטענדיג גרייט געווען פאר איהם א עקיפּאַזש אָדער א פערד צו'ם רייטען. דער עטיקעט, — איין גאָט ווייסט, ווער עס האט איהם בעשטימט, — האט געפאָדערט, אז נישט דער פירשט נישט דער קרוינפרינץ זאָלען זיך מיט זייערע פיס צו'ם טראָטואר נישט צוריהרען.

פאַרוואָס עפעס? געוויס וואלט אויף דער פראגע נישט געקאָנט ענטפערן אפילו דער הויף-מאַרשאַל אליין, חאָטש פאָן לעע, נאָר דאס איז שוין געווען אַנ'אַלטער מנהג, און א מנהג ברעכט א דין.

אזוי ווי אויפ'ן פראַנקפורטער וואָקזאל זענען דאָ אויך אונ-בעקאַנטע מענשען געגאַנגען נעבען איהם, די מאסע איז פאַר איהם נישט אָבגעטרעטען און די דראָזשקעס זענען אזוי האסטיג געפלויגען דורך דאס שמאלע געסעל, וואס פיהרט צו'ם וואָקזאל,

אז איין מאָל האָט זיך דער פּרינץ זאָגאר אָנגעכאַפּט דעם דאָקטאָר פאַר'ן האַנד און זיך צוגעדריקט צו איהם.

— זיי קאָנען דאָך איבערפאָהרען!

— מוז מען אכטונג געבען, — האָט דער דאָקטאָר טרוקען געענטפערט.

ווייטער זענען די גאַסען געוועזען ברייטער און מען האָט שוין געקאָנט געהן גאַנץ רוהיג.

עס איז געוועזען דריי פיערטעל צעהן, נאָר דער ערשטער מאי-אָווענד איז געוועזען אזא ווארימער, אז די היידעלבערגער איינוואָהנער זענען געשטאַנען ביי די אָפענע טהירען פון זייערע הייזער, יונגע מעדלעך אָהן היט האָבען שפּאַצירט געאָרעמט מיט איינאַנדער און פרעהליך געלאַכט; סטודענטען, געהענדיג גאַנצע גרופּענווייז, האָבען זיי פריינדליך בעגריסט. דאָס פרעהליכע דרום-לעבען האָט געקאָכט און גערוישט.

פּלוצלונג האָט זיך פון איין זייט גאַס דערהערט דאָס שפּיעלען פון א אָרקעסטער, א גאַנצע מאַסע מענשען האָט זיך א לאָז געטהון אויף די הויפּט-גאַס. די לופט איז פול געוואָרען מיט רויך און פאַר'ן פּרינץ איז פערביי געגאַנגען מיט טרומייטען א פּראָ-צעסיע פון עטליכע הונדערט סטודענטען מיט ברענענדע פאַקעלען אין די הענד.

זיי זענען געגאַנגען צו פיערווייז אין א שורה, נאָר פאַקעלען האָבען געטראָגען נאָר די עקסטע. אלע זענען געוועזען יונגע לייט מיט פרעהליכע, אָפענע געזיכטער. פון אלע פענסטער האָבען יונגע מעדלעך די קעפּ ארויסגעשטעקט, זיי פרעהליך בעגריסט און הויך געלאַכט.

— וואָס איז דאָס? — האָט דער דאָקטאָר געפרעגט איינעם פון די פערבייגעהער.

— די היידעלבערגער סטודענטען פייערען היינט דעם אָנ-פאַנג פון נייען סעמעסטער.

— אהא!

פאָראויס זענען געגאַנגען די „וואַנדאַלען"—די הויפּט קאָרפּאָ-ראַציע—, זיי האָבען געטראָגען רויטע היטעלעך מיט גאָלדענע

בענדער (די פאַרבען פון גרויס־הערצאָגטום באַדען, וואו הײדעלבערג געפינט זיך), דערנאָך איז געגאַנגען די ווײַסע זאַקסען־פרײַסישע קאָרפּאָראַציע, ווײַטער די גרינע וועסטפאַלער, די געלע שוואַבען, די בלויע רענאַנען און צו׳ם סאַמע סוף די דונקעל־בלויע זאַקסען, וואָס זײַערע היטעלעך זענען געווען בעפוצט מיט פײַלכען. פאָראויס פון יעדער קאָרפּאָראַציע זענען געגאַנגען איהרע פרעזידענטען אין יום־טובדיגער אוניפאָרם: סאַמעטענער ראָק, ווײַסע רײַטהויזען, הויכע שטיוועל און ראַפּירען אין די הענד: די איבעריגע סטודענטען האָבען געטראָגען געוועהנליכע קאָסטיומען און דערצו נאָך זענען זײ געגאַנגען גאָר נישט יום טוב׳דיג, ווײַל פיעל פון זײ האָבען אויפגעהויבען די קאָלנערס כדי זיך צו פערשטעלען פון רויך, וואָס איז אין די אויגען געקראָכען.

נישט אײנער פון זײ האָט אַ שאַרפען בליק געוואָרפען אויפ׳ן פרינץ, וואָס איז געשטאַנען אין דער ערשטער רײַהע פון די צושויער און ערשטוינט געקוקט אויפ׳ן פאַקעלצוג. ווײַזט אויס, דער דאָזיגער פײַנער יונגער מאַן, וואָס קײנער האָט איהם נישט געקענט, איז אַ נײַ אָנגעקומענער סטודענט.

ווען די פּראָצעסיע האָט זיך אויסגעדרעהט אין אַ צווײַטע גאַס האָט זיך דער דאָקטאָר געווענדעט צו׳ם פרינץ אַזוי פײַערליך, ווי ער וואָלט אַלײן אויסגעקלערט און אָרגאַניזירט דעם דאָזיגען פאַקעלצוג:

— נו וואָס, שען?

— יאָ.

— אָט אַזוי פרעהליך איז אין הײדעלבערג יעדען טאָג.

ווען זײ זענען נאָך לאַנגע זוכעניש צוגעקומען צו׳ם הויז נומער 18 אויף באַזאַר־פּלאַץ, האָט דער טהורם־זײגער פאַמעליך און געצויגען אויסגעשלאָגען צעהן.

זײ האָבען געצווײפעלט, צי זאָלען זײ אַרײַנגעהן, ווײַל טראָץ דעם ברײַטען, העל בעלויכטענעם הויף האָט דאָס הויז אויסגעזעהן נישט אַזוי ווי דער פרינץ, און אפשר אויך דער דאָקטאָר, האָט זיך פאָרגעשטעלט. לינקס פון אײַנגאַנג איז געווען אַ פריזור־קראָם, רעכטס—אַ גרויסער מאַגאַזין פון קאָלאָניאַלע סחורות. די פריזור־

קראָם איז שוין געווען פֿערמאַכט. די איינגאַנגס־טהיר פֿון מאַגאַזין איז געווען פֿערלעגט מיט פֿעסלעך אוגערקעס און געטריקענטע עפּעל.

קראָם־יונגלעך און אַ דיקע דיענסט האָבען נייגיעריג געקוקט אויף הערר לוץ, וואָס איז געשטאַנען זעהר ביז געבען הויף־פֿוהריער און אונבאַרמהערציג געשריען אויף איהם.

— דאָס איז די בעסטע וואָהנונג אין היידעלבערג, — האָט זיך דער הויף־פֿוהריער פֿערענטפֿערט, — די טייערסטע וואָהנונג אין דער גאַנצער שטאָדט. זי בעשטעהט פֿון אַכט צימערען, הערר לוץ!

נאָר הערר לוץ האָט אין גרעסטען כעס אַ שטופּ געטהון דעם לעדיגען בלעך פֿון נאַפֿט מיט'ן שפּיץ פֿון זיין לאַקירטען שוך.

— האָט איהר געדאַרפֿט געבען אַ דעפּעשע, וואָלט מען אָבגעלענט די רייזע!

הערר לוץ האָט אין דער פֿינסטערניש ניט בעמערקט, ווי צום הויז זענען צוגעקומען דער פּרינץ און דער דאָקטאָר.

— דאָ איז דאָס, לוץ?

— לײדער דאָ, אייער האָהייט.

דער אָרימער פֿוהריער איז געשטאַנען ניט טויט ניט לעבענדיג.

— איהר האָט בעקוקט די צימערען, לוץ?

— יאָ, אייער האָהייט! נאָר דאָס הויז געפֿינט זיך אין אַזאַ פֿערלאָזטער לאַגע, אַז פֿאַר אייער האָהייט איז דאָ לחלוטין אוממעגליך צו בלייבען.

דעם פּרינץ האָט אַ צווייפֿעל בעהערשט. דער דאָזיגער ערשטער טאָג פֿון זיין נייען לעבען האָט איהם געבראַכט אַזוי פֿיעל נייע איינדריקען, וואָס האָבען אינגאַנצען אומגעענדערט זיין אַרט דענקען און אַלץ בעלויכטען מיט אַ ניי ליכט. אַז ער איז נאָך ניט אימשטאַנד געווען זיך דאָס אַלץ קלאָר צו מאַכען.

צי איז פֿאַר איהם בכלל פּאַסיג אַריינצוגעהן אין דאָס דאָזיגע הויז? אויף זיין שען יונג געזיכט האָט מען אַזוי קלאָר געקאָנט אַראָבלייענען זיין פֿערלעגענהייט, אַז דער הערר לוץ האָט ווידער בעקומען אַ האָפֿנונג צו בעהערשען די פּאָזיציע, וואָס ער

האָט שוין היינט כמעט פֿערלאָרען.

— צי ווערט אייער האָהייט נישט בעפֿעהלען איבערצוטראָגען די זאַכען אין האָטעל „פּרינץ קאַרל"? דאָס איז הונדערט טריט ווייט פֿון דאַנען.

אַ שווייס האָט דעם פֿוהריערס שטערן בעדעקט. צו די צוויי יונגלעך און דער דיקער דיענסט זענען צוגעקומען נאָך עטליכע נייגיעריגע מענשען, וואָס זענען געשטאַנען און דעם דאָזיגען געגענצען שמועס געהערט מיט אָפֿענע מיילער.

נאָר דאָ האָט זיך דער דאָקטאָר אַריינגעמישט:

— אַלענפֿאַלס דאַרף מען די וואָהנונג בעקוקען.

דער פּרינץ האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— יאָ, געוויס.

און זיי זענען אין הויז אַריין.

הערר לוץ האָט ווידער פֿערשפּיעלט. ביז היינטיגען טאָג האָט ער זיך בעצויגען צו דעם דאָזיגען דאָקטאָר מיט פֿאַלשטענדיגער גלייכגילטיגקייט. דער דאָזיגער יוטנער — אַ לעהרער, אַ מענש, וואָס האָט נישט אין הויף קיין מינדעסטע בעדייטונג, אַפֿילו מיט אַ קאַמערדיענער קאָן מען איהם נישט פֿערגלייכען; ער, לוץ, האָט ווענינסטענס אַ איינפֿלוס אין הויף, נאָר דער דאָזיגער דאָקטאָר אין פֿערגלייך מיט איהם איז דאָך גאָרנישט, אַ נול! און דער דאָזיגער מענש וואַגט זיך דאָס צו בעגעהן זיך מיט איהם, מיט לוץ'ן, אַזוי ווי מיט אַ לאָקאַי!

ער האָט פֿאַר כעס מיט די ציינער אַ קריץ געטהון:

— נו, איך וועל דאָס איהם געדענקען!

די טרעפּ זענען געווען בעשאָטען מיט פֿרישען זאַמד, אין אַלע ווינקעלעך זענען געשטאַנען העל ברענענדע לאָמפּען. גרויסע און קליינע, און די דעמבענע פּאָרענצען פֿון די טרעפּ זענען געווען אַרומגעפלאָכטען מיט טאַנען-גירלאַנדען. פֿון דער הויך האָט זיך געהערט אַ שושקעריי, אַ גערויש פֿון קליידער, עמיץ האָט זיך אויסגעשריען: „ער געהט!", אַ טהיר איז צוגעקלאַפּט געוואָרען און דאַן האָט געהערשט אַ פֿייערליכע שטילקייט.

און ווען דער פּרינץ מיט זיין קליינער סוויטע, נאָך וועל-

בֿער עם זענען אביסעל ערווייטערט נאָכגעגאנגען די יונגלעך און די דיקע דיענסט, איז ארויפגעגאנגען אין דער הויך, האָט ער דערזעהן פאר זיך דריי מאטראָנעסעס, וואָס האָבען זיך פאר איהם מיט גרוים צערעמאָניע געבוקט, און א יונג מערעל, וואָס האָט זיך פאר איהם ניעדריג אראָבגעזעצט.

ער האָט זיך ווידער בעהערשט. אָ, אזעלכע פייערליכע אויפנאהמען זענען איהם בעקאנט געווען, — ער איז ווידער געווען א פּרינץ, וואָס אלע בוקען זיך פאר איהם.

דאָס יונגע מערעל מיט א בוקעט בלומען אין די הענד האָט געמאַכט איין טריט פאָרווערטס און זיך ווידער ניעדריג צוגע־זעצט; דאן האָט זי אָהן א שום שרעק א קוק געטהון אויף איהם מיט איהרע גרויסע גרויע אויגען און אָנגעהויבען מיט א קלאנג־פולער שטימע דעקלאמירען א ליעד, אין וועלכען זי האָט דעם פּרינץ בעגריסט צו זיין אריינטרעטען אין קרייז פון נייע „חברים און איהם געוואונשען א גליקליך בליהענד לעבען, ער זאָל אין הייַ־דעלבערג פערברענגען פרעהליך די צייט און געפינען פיעל פריינד, אזוי אז ער זאָל שפעטער שטענדיג מיט שמחה דערמאָהנען די צייט, וואָס ער האָט געלעבט „אין אונזער אלטען היידעלבערג".

אָבגעזאָגט דאָס בעגריסונגס־ליעד האָט זי דעם פּרינץ דעם בוקעט דערלאנגט.

קארל־היינריך איז געשטאנען אונבעוועגליך, אָנגעשפּארט מיט דער לינקער האנד אָן פּאָרענץ פון די טרעפּ. וועהרענד זי האָט איהם בעגריסט האָט ער פון איהר קיין אויג נישט אראָב־גענומען.

איינע פון די אלטע פרויען איז ארויסגעטרעטען פאָרווערטס.

— איך בין פרוי דערפעל. אפשר וועט אייער האָהייט בעווילינגען איצט די וואָהנונג צו בעקוקען?

ער האָט א שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגען דעם יונגען מערעל, נאָר די ווערטער זענען פון דער צונג נישט געגאנגען. מיט'ן בוקעט אין האנד איז ער נאָכגעגאנגען דער אלטער, וועלכע האָט איהם קודם כל פייערליך געוויזען די זאלען.

— די דאָזיגע צימערען האָט פאָריגען סעמעסטער בעוואָרנט דער הערר גראף פאָן-ברעדאָוו, — דערנאָך דעם שלאָפצימער, צוויי שענע צימערלעך: — פאַר דעם הערר דאָקטאָר, — און ענדליך עפּעס אַ האַלב פינסטערען הינטערשטען צימערל פאַר הערר לוץ: — און דאָס איז דער צימער פאַר אייער לאַקאַי.

הערר לוץ, וואָס איז נאָכגעגאַנגען דעם פּרינץ צוזאַמען מיט'ן פוהריער, איז בלאַס געוואָרען ווי די וואַנד:

— לאַקאַי!

קאַרל-היינריך האָט דעם אַלטען בעמערקט:

— איהר מיינט אודאי: פאַר מיין קאַמערדינער?

— נו יאָ, אָט פאַר דעם.

זי האָט איהם נאָך אַלץ נישט אָבגעלאָזט. וועהרענד זי האָט דעם וועג מיט אַ לאָמפּ בעלויכטען האָט זי דעם פּרינץ געוויזען אַלע ווינקעלעך פון זיין נייער וואָהנונג, און ער איז אונטערטעניג נאָכגעגאַנגען דער וואַיילער אַלטער פרוי מיט'ן בוקעט אין די הענד, און נאָר איין מאָל האָט ער נישט ווילענדיג אַ שמייכעל געטהון.

ענדליך זענען זיי צוריק אין זאַל אריין.

אויפ'ן קליינעם טישעל פאַר אַ סאָפע זענען געווען אויסגעשטעלט טעלער, פלעשער ביער, צוויי פלעשער וויין, ברויט, פּוטער און קאַלטע צובייסעכצען; אויפ'ן מיטען טיש איז געשטאַנען אַ זיסער טאָרט, בעפּוצט מיט גרינס און מיט רויזען.

— אָט דאָ, צי וועט אייער האָהייט נישט זיין אַזוי גוט צובייסען?

— איך דאַנק אייך.

ווענען איבערפאָהרען אין אַ האָטעל איז שוין גאָר קיין רעדע נישט געווען.

— טראָגט זיך נאָר אָב פון דאַנען אַלע! — האָט פרוי דערפעל אַ געשריי געטהון צו די קראַם-יונגלעך און צו דער דיקער דינסט, וואָס זענען אין טהיר געשטאַנען. זיי זענען נייגיעריג נאָכגעגאַנגען דעם פּרינץ בשעת ער האָט די וואָהנונג בעקוקט, און איצט האָבען זיי ערשטוינט געקוקט אויף דעם צוגעגרייטען

שיש מיט די עסענוואַרג. — צי וועט נישט זיין עפּעס אַ בעפֿעהל, אייער האָהייט?

— ניין, איך דאַנק אייך.

— אייער האָהייט וועט דאָ געפֿינען אַלץ, וואָס נויטיג איז: קאַלט וואַסער, האַנדטיכער, ליכט, שוועבעלעך. טהו נאָר אַ קוק, קעטי. צי אין שלאָפֿצימער איז דאָ שוועבעלעך?

דאָס יונגע מעדעל איז אַרויסגעגאַנגען און איז גלייך צוריקגעקומען,

— יאָ, צוויי קעסטלעך.

— אַ גוט נאַכט, אייער האָהייט. איך ווינש אייך זיך גוט אויסצושלאָפֿען נאָך דער רייזע.

— איך דאַנק אייך.

זי האָט צו איהם אויסגעשטרעקט איהר דיקע האַנד; ער האָט זי אַ דריק געטהון. דאָס מעדעל איז אויך צוגעגאַנגען צו איהם און פֿריימוטיג געזאָגט:

— אַ גוטע נאַכט.

* * *

דער טהורם-זייגער האָט אויסגעשלאָגען צוועלף. אין שטוב איז געוועזען גאַנץ שטיל, אַלע זענען געשלאָפֿען, אפילו העדר לוץ, וואָס האָט זיך אַ גאַנצע שעה געוואָרפֿען אין זיין שטייג ווי אַ טיגער, האָט זיך אויך בערוהיגט. אין דעם דאָזיגען פֿערפֿלוכטען צימער איז נישט געוועזען קיין איין שאַפֿע, נאָר איין פּאָר הענגער פּאַר מלבושים! נישט קיין שפּיעגעל, נישט קיין וואַש-טיש! און דאָס בעט? ווייסט דער טייוועל, וואָס דאָס איז אַזוינס! אַ איינפּאַכע אייזערנע בעט מיט אַ געוועהנליכער קאָליִרטער קאָלדרע!

„איך וועל זיך בשום אופֿן אויף אַזאַ בעט נישט לעגען, עס זאָל מיר אפילו אויסקומען אַ גאַנצע נאַכט נישט צו שלאָפֿען!"

די איינציגע בעצירונג פֿון צימער איז געוועזען דאָס בילד פֿון הייליגען סעבאַסטיאַן, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנד איבער'ן בעט. דער הייליגער איז געוועזען אויסגעמאָלט, ווי ער איז צוגעבונדען צו אַ בוים און דורכגעלעכערט מיט פֿיילען. טראָץ

דעם האָט דאָס געזיכט פון דעם געמאַטערטען אויסגעדריקט מילדקייט און זאָגאַר פרעהליכקייט. דאָס דאָזיגע בילד פון דעם ענויותדיגען הייליגען האָט נישט געקאָנט ריהרען דעם הערן לוץ, נישט אַזאַ מענש איז ער געווען.

„וואַרט נאָר אונטער, — האָט ער געטראַכט, — איך וועל אייך מאַרגען אָבטהון אַ שטיקעל! איך וועל שיקען אַ מעלדונג דעם הויף־מאַרשאַל, יאָ, זיין האָהייט אַליין! איהר וועט מיך שוין האָבען צו געדענקען!".

נאָר סוף כל סוף האָט ער זיך דאָך געלעגט שלאָפען. אויפ'ן טיש איז געווען צוגעגרייט פאַר איהם אַ נאַכט־עסען, וואָס איז בעשטאַנען פון פוטערברויט און אַ פלעשעל ביער. ער וואָלט דאָס מיט פערגניגען דורכ'ן פענסטער אַרויסגעוואָרפען, נאָר ליידער האָט זיך דער הונגער שטאַרק געלאָזט פיהלען און דעריבער האָט ער זיך גענומען אויפצוזוימען זיין אָרימע קאָלאַציע, וועהרענד ער איז געזעסען אויף זיין אָרימען געלעגער.

קען! ער האָט זיך שיער נישט צעוויינט פאַר כעס און פערדרום.

אָ, ווען די קאַרלבורגער לאָקייען וואָלטען איהם איצט געזעהן! ווען זיי וואָלטען געזעהן, וואָס דער הערר לוץ האָט געגעסען, דער הערר לוץ, וואָס אין פאַלאַץ האָט מען איהם יעדען אָווענד דערלאַנגט אַ גלאָז אמת'ן באָרדאָ־וויין און אַ האַלב יונג הינדעלע. דער הערר לוץ האָט געהאַט אַזאַ שוואַכען מאָגען, אַז דער הויפט־קוכער האָט נישט געוואוסט, ווי איהם צופריעדענצושטעלען!

אָ, ווען ער וואָלט קראַפט און מאַכט געהאַט, מיט וואָס פאַר אַ פערגניגען וואָלט ער איצט געהייסען צעשטערען גאַנץ היידעלבערג מיט האַרמאַטען, אַז ס'זאָל קיין שטיין אויף אַ שטיין נישט בלייבען. דעם פוהריער וואָלט ער געהייסען צובינדען צו איין האַרמאַט, דעם דאָקטאָר — צו אַ צווייטען, און די דאָזיגע ווייבער — צו אַ דריטען.

וואָס אַנבעלאַנגט צו'ם פרינץ האָט הערר לוץ, טראָץ זיין האַרץ־האַרטקייט, נישט געוואַגט אפילו אויסצוקלערען עפּעס אַ

זײראָף פֿאַר זײַן האָהײַט. נאָר ליגענדיג אין בעט האָט ער זיך געטרײַסט מיט דעם געדאַנקען, אַז זײַן האָהײַט װעט זיך אין גיכען אַלײן איבערצײַגען אין די ריכטיגקײַט פֿון זײַנע װערטער.

„איך בין זיכער, אַז ער װעט דאָ נישט לאַנג פֿערבלײַבען“.

נאָר אין גיכען זענען זײַנע אויגען צוגעשלאָסען געװאָרען פֿאַר מידקײַט און ער איז אײַנגעזונקען אין אַ טיפֿען שלאָף.

דער ראַט, װאָס שטענדיג איז ער געשלאָפֿען אויסגעצײַכענט בײַ אַלערלײַ אומשטענדען: אין עקיפּאַזש, אויף אַ שטוהל, אין װאַגאָן, אין בעט, איז געלעגען און הויך געחראָפּעט. אין גאַנצען הויז איז נאָר אײן קאַרל-הײַנריך נישט געשלאָפֿען.

ער האָט זיך בעמיהט אײַנצושלאָפֿען, נאָר אומזיסט: דער דאָזיגער ערשטער טאָג פֿון זײַן נײַעם לעבען האָט איהם פֿערשאַפֿט צו פֿיעל נײַע אײַנדריקען. ער האָט זיך לאַנג ארומגעדרעהט אויף זײַן בעט, װאו די קישענס זענען געװען אויסגעפּוצט מיט אויסנעהעכצען, נאָר סוף כּל סוף האָט ער אָנגעצונדען אַ ליכט און זיך אויפֿגעהויבען.

עפּעס אַ מאָדנער צימער: דאָס גאַנצע מעבעל איז זעהר אַלט, די שטוהלען מיט גלײַכע פּאָרענצעס און דינע פֿיסלעך, די סאָפֿע אויך אַזאַ, אויף אַ פֿוס פֿון מאַרמאָר אַ גאָלדענער זײַגער אונטער אַ גלעזערנעם דעקעל; אויף די פֿענסטער לאַנגע רויטע שטאָרען, און די פֿענסטער גופֿא עפּעס אַזעלכע מאָדנע, אַזױ װי האָלענדישע, פֿון קלײנע קאָלירטע שויבען.

אין צימער האָט געהערשט עפּעס אַ בעזונדערער, און מען קאָן נישט זאָגען אונאַנגענעהמער ריח: עס האָט געשמעקט פֿון פֿרישע װעש און עפּעל. מיט אַ ליכט אין דער האַנד האָט ער אָנגעהויבען בעקוקען די בילדער, װאָס זענען אויף די װענד געהאַנגען: „פּאָל און װירגיניאַ“, בּיסמאַרק, די שפּאַנישע טענצערין לאָלאַ מאָנטעס אין אַ קאָסטיום פֿון אַ אַמאַזאָנע, אין איהר גאַנצער גרויס, שײַנענדיג מיט איהר שענהײַט, דערנאָך װידער „פּאָל און װירגיניאַ“, און ענדליך אויף אַלע װענד, אין אַלע װינקעלעך אַ אונגעהויערע מענגע פֿון סטודענטישע פֿאָטאָגראַפֿיעס אין בּיליגע הילצערנע ראַהמלעך. דאָס רוב פֿון זײ האָבען געטראָגען די

אויפשריפט : „דער פרוי דערפעל צו׳ם גוטען אנדענקען״ . ווייזט אויס , אין דעם דאזיגען צימער האבען שטענדיג געוואהנט נאר סטודענטען .

און וויפיעל האבען עס דא אלץ געוואהנט ! אט זענען קארטעם מיט אונטערשריפטען פון די יאהרען 1848/49, פון יאהר 1853 , 1854/5 . פערגעסענע מענשען, אפשר ליגען זיי שוין לאנג אין קבר . זיי אלע זענען געשלאפען אויף דאס דאזיגע דעמבענע בעט , זיי אלע האבען געהערט דעם טיק-טאק פון דעם דאזיגען גאלדענעם זייגער , זיי אלע האבען געקוקט דורך דאס דאזיגע פענסטער . און יעדעם יאהר אלץ נייע פערזאנען ... און איצט האט ער זיך דא בעזעצט , קארל-היינריך , דער שטעל-פערטרעטער פון די אלע... עפעס מיט א נייעם געפיהל פאר איהם האט ער בעטראכט די אלע פאטאגראפיעס . אייניגע נעמען זענען איהם בעקאנט געוועזן : קארל האהענלאהע , פירשטענבערג, פרינץ פון ווייטמאר , ברעדאוו . . . דאן האט ער דאס פענסטער געעפענט — אויפ׳ן באזאר-פלאץ האבען דא און דארט לאטערנעם געבליצט , די נאכט איז געוועזן א ווארימע , און ער האט גיעריג איינגעצויגען אין זיך די זאנפטע לופט .

פון האטעל „פרינץ קארל״ , וואו סטודענטען האבען געהוליעט , האט זיך צייטענווייז מוזיק געהערט, און אין דער נאכטשטילקייט האט זיך געלאזט הערען א אלט סטודענטיש ליעדעל ... איבער דער שטאדט האבען שטערען געשיינט . . . דער פרינץ איז אזוי מיעד געוועזן , אז די אויגען האבען זיך איהם געקלעבט , נאר דאך האט ער זיך נישט געלעגט . שמייכלענדיג פון א ביז איצט אונבעקאנטען גליק האט ער זיך אן פענסטער אנגעשפארט און פערטראכט געקוקט אין די ווייטקייט , ביז די העהנער האבען ענדליך אנגעהויבען קרעהען , און אין מזרח-זייט האט אנגעהויבען אויפשיינען דער האריזאנט איבער׳ן גרויסען פעלד , וואו דער נעקאר פליעסט .

---

# דריטעם קאפיטעל.

— אריין!

— איך טראג אייך קאווע.

אין צימער איז אהן צערעמאניעס ארייננעקומען דאס נעכ־טיגע יונגע מעדעל.

קארל־היינריך איז נאך געשטאנען אין וועסט; ער האט געמיינט, אז דאס האט לוץ אנגעקלאפט. דעריזעהענדיג דאס מע־דעל איז ער אזוי פערלעגען געווארען, אז ער האט פערגעסען צו ענטפערען אויף איהר גוט מארגען.

— גוט געשלאפען, אייער האהייט?

— איך דאנק אייך, זעהר גוט,

— איך וואלט נישט געקאנט שלאפען אויף אזא ווייכע בעט, — האט זי געזאגט און פערבייגעהענדיג א קלאפ געטהון אויף די קישענס, — נאר פרינצען זענען דאך געוואוינט וויך צו שלאפען.

וועהרענד זי האט דעם טיש געדעקט, און דערביי א ווארף געטהון אויפ'ן שטוהל גאר אהן דרך ארץ א טייערען נעסעסער, האט ער פלייסיג זיין סורדוט געזוכט, נאר נישט געקאנט געפינען, ווייזט אויס, ער איז געלעגען אין א צווייטען צימער, אדער לוץ האט איהם נאך אפשר נישט געבראכט.

— מ'קאן אייך אנגיעסען קאווע?

— ביטע.

— איין שטיקעל צוקער אדער צוויי?

— איינס, ביטע.

ער האט נאך אלץ געזוכט דעם סורדוט און האט זיך גע־פיהלט אזוי אונבעקוועם, אז ער האט אויף קעטי'ן נישט געקאנט קוקען.

— וואס זוכט איהר?

— גארנישט.

— פערזוכט נאר די קאווע. — זי האט פאנאנדערגעשניטען ווייס ברויט און אנגעשמירט מיט פוטער. — אט אזוי.

— איך דאנק אייך .

איהר זארגלאזע זיכערהייט האט אביסעל זיין מוט געשטארקט, און סוף כל סוף האט ער זיך געזעצט טרינקען קאווע אהן סור־דוט . קעטי האט זיך אנגעשפארט אן פארענץ פון שטוהל און גע־קוקט אויף איהם .

— געשמאק ?

— יא , איך דאנק אייך .

ער איז געוועזן אזוי שוויינענדיג , אז זי איז איין אויגענבליק פערלעגען געווארען , אבער נאר איין אויגענבליק , דערנאך אבער האט זי א קלער געטהון , אז ער איז א פרינץ און אלע פרינצען זענען דוכט זיך גאנץ לאנגווייליגע מענשען . נאר בכלל איז ער איהר זעהר געפעלען .

וואס פאר א פיינע העמד ער טראגט , וואס פאר א פיינער זיידענער שניפס ; ער איז בלאנד , א שען געזיכט , עהנליך צו א ענגלענדער .

די טהיר האט זיך געעפענט און העררלוץ איז אריינגעגאנ־גען , אדער ריכטיגער געזאגט , ער איז נישט אריינגעגאנגען , נאר געבליבען שטעהן ביי'ם שוועל ווי צוגעשמידט .

דער פרינץ טרינקט קאווע אהן סורדוט , און די דאזיגע חוצפה'דיגע פערזאן קוקט ווי ער טרינקט !

— אייער האהייט !

— וואס איז ?

— קאווע ?

— נו איז וואס ?

— איך זעה , אז אייער האהייט טרינקט קאווע .

— יא . דאס פריילין איז געוועזן אזוי גוט און מיר געבראכט .

קארל־היינריך האט ארויסגערעדט די דאזיגע ווערטער מיט א עטוואס פערלעגענעם טאן , ווייל העררלוץ האט ווייזט אויס געדארפט זיין בעלעדיגט דערמיט , וואס פרעמדע מענשען האבען זיך בענוצט מיט די רעכטע פון זיין מאכט . נאר דערביי האט העררלוץ אנגעשטעלט אזא בעלעדיגט , בעז געזיכט , אז דער פרינץ האט זיך שוין נישט געקאנט איינהאלטען .

— געהט ארויס פון דאנען און וואגט נישט מעהר אריינ־צוקומען, ביז איך וועל אייך רופען!

הערר לוץ איז געשטאנען ווי פון דונער דערשלאגען. צי האט ער נישט פערהערט? דאס קאן נישט זיין!

צי ער האט פערהערט צי נישט, נאר די האנד־בעוועגונג פון זיין האהייט איז אלענפאלס געוועזן זעהר קלאר און קיין ספק האט שוין נישט געקאנט ביי איהם בלייבען. ער האט נישט געהאט קיין אנדער ברירה ווי דעם צימער צו פערלאזען.

און לוץ איז איצט געוועזן געצוואונגען זיך צו שטעלען אונ־טער'ן ווינדצוג אין קארידאר, וואו די דיקע דיענסט האט די פאדלאגע געוואשען. דאס איינציגע ארט, וואו ער וואלט זיך געקאנט בע־האלטען, איז געוועזן זיין אייגען צימער, נאר אויך דארט האט פרוי דערפעל פלייסיג די פאדלאגע געוואשען.

— געהט נאר אוועק פון דאנען, איהר שטערט.

און ער האט געמוזט דורכגעהן מיט זיינע פיינע לאקירטע שיך איבער דער פייכטער פאדלאגע פון קארידאר און זיך שטעלען נעבען פרינצענס טהיר. נישט אנדערש ער האט זיך געמוזט צו־קיהלען נעבטען אין וואגאן אדער היינט ביינאכט אין זיין שרעק־ליכען צימער: ער האט זיך זעהר שלעכט געפיהלט. ער האט א ניס געטהון איין מאל, צוויי מאל, דריי מאל, זעקס מאל, צוואנ־ציג מאל, און יעדעס מאל האט זיין דיק, גראב וועזען וויעדער־האלט: „צו'ם געזונד!“.

— וואגט נישט מעהר אריינצוקומען, ביז איך וועל אייך רופען, — האט דער פרינץ געזאגט, נאר ווי עס זעהט אוים האט ער כלל נישט אין זינען געהאט איהם צו רופען.

און דאס דאזיגע מעדעל דרעהט זיך נאך ארום דארטען.

הערר לוץ האט צוגעלעגט א אויער צו'ם שליעסעל־לאך, נאר ער האט גארנישט געקאנט דערהערען.

„א שענער סקאנדאלבעל, — האט ער א קלער געטהון, — נו נו, דער אנהויב איז שוין איין מאל א גוטער!“.

אזוי האט ער געוואַרט איין פיערטעל שעה, א האלבע שעה, דריי פיערטעל שעה, ענדליך איז ער שוין גאר אין פערצווייפלונג

ארײַן. די דיקע דיענסט האָט געענדיגט איהר אַרבײַט און איז אוועק. אַרום איז געווען גאַנץ שטיל...

קאַרל־הײַנריך איז געזעסען אויפ'ן שטוהל, נאָך אַלץ אָהן סורדוט, גערוינבערט א פּאַפּיראָס נאָך אַ פּאַפּיראָס און זיך לאַכענ־דיג צוגעהערט צו די פּלוידערײַען פון דער דאָזיגער ליעבער קעטי.

וואָס האָט זי איהם אַלץ נישט דערצעהלט אין דער איין שעה! ווי אַלט איז זי? אַכצעהן. פון וואַנען זי איז אַ געבוירענע? פון קרעמס אין עסטרײַך, — שרעקליך ווײַט פון דאַנען. ווי פיעל קאָרפּאָראַציעס אין הײַדעלבערג געפינט זיך און וואו זיי אָרגאַני־זירען זײַערע הולאַנקעס, ווי דער רעקטאָר הײַסט, און דער סטו־דענטישער פּאָעט הערר פאָן שעפּעל וואָהנט איצט אין הײַדעל־בערג, און די קינפטיגע וואָך וועט מען פאַר זײַן כבוד וועגען מאַכען אַ פּאַקעלצוג, און זי האָט צוויי חבר'טעס, וואָס זיי זענען ביידע איז איין טאָג כלות געוואָרען, און ווײַן איז איצט טײַערער געוואָרען און אַזוי ווײַטער. דאַן האָט זי איהם אָנגעהויבען אויס־צופאָרשען ווי אַ ריכטער:

— איהר זענט שוין אַ מאָל געווען אין הײַדעלבערג?

— ניין.

— און אין טהיבינגען?

— אויך נישט.

— איהר האָט נאָך ברידער?

— ניין!

— און שוועסטער?

— ניין.

— און די עלטערן?

— געשטאָרבען.

— אַח, ווי שרעקליך! אַח, ווי שרעקליך!

זי האָט אַ קוק געטהון אויף איהם מיט אַזוי פיעל מיטלײַד, ווי ער וואָלט זיי נאָר וואָס מקבר געווען, נאָר דאַן האָט זי זיך דערמאָהנט, אַז זי געפינט זיך אַלײַן אויך אין אַזאַ לאַגע.

— איך האָב אויך נישט קיין פאָטער, נישט קיין מוטער.

— אַח!

— פרוי דערפעל איז מײן מוהמע, אָדער ריכטיגער מײן באָבע, איך העלף איהר אין דער בעל-הבית׳ישקײט.

זי האָט נאָך אַלץ געהאַלטען אין האַנד דעם טאָץ מיט קאַווע, וואָס זי האָט פון טיש גענומען נאָך מיט אַ האַלבער שטונדע צוריק, און זיצענדיג אויף אַ שפּיץ שטוהל האָט זי אין די ווײטקײט געקוקט.

קאַרל-הײנריך האָט שווײגענדיג געקוקט אויף איהר. זי איז גאָר נישט עהנליך געוועזען צו די בלאָנדע קאַרלבורגער מעדלעך. איהר געזיכט איז געוועזען אָבגעברענט, די האָר דונקעלע, און איהר גאַנצער פיגור איז געוועזען זעהר פיעל גראַציע, עהנליך צו אַ ציגײנערין.

זי האָט אַ טרײסעל געטהון דעם קאָפּ, ווי זי וואָלט וועלען פערטרײבען פון זיך די טרויעריגע געדאַנקען.

— אין הײדעלבערג איז אַזוי גוט, אַז איך וואָלט דאָ שטענדיג געבליבען. — און אײדער ער האָט נאָך בעוויזען עפּעס צו ענטפערן, האָט זי שנעל אָנגעהויבען רעדען וועגען עפּעס אַנדערש. — אַ שען ליעד האָב איך אײך נעכטען געזאָגט?

— אָ, יאָ, — האָט ער העפליך געענטפערט, — עס איז מיר זעהר געפעלען.

— און מיר געפעלט עס נישט.

— ווירקליך?

— צו׳ם ערשטען האָב איך עס נישט געוואָלט אויסלערנען אויסווענדיג, נאָר די מוהמע האָט מיך געצוואונגען. ווען איהר וואָלט געוועזען אַנ׳אַנדערער, וואָלט איך אײך נאָר דערלאַנגט דעם בוקעט און דאָס ליעד נישט געזאָגט.

— אַנ׳אַנדערער? וואָס הײסט עס?

— נו יאָ, — זי איז רויט געוואָרען, — איך ווײס נישט.

ער האָט זיך צעלאַכט און צוגעגאַנגען צו איהר.

— פרײלין קעטי, וואָס מײנט איהר דערמיט צו זאָגען?

ער האָט זײן האַנד אַרויפגעלעגט אויף איהר אַקסעל און זיך אָנגעבויגען צו איהר. אײניגע סעקונדען האָבען זײ אײנער אויפ׳ן צווײטען געקוקט, דאַן האָט ער זי אַ קוש געטהון.

דאָס איז זײַן ערשטער קוש געווען.

זי האָט זיך נישט געקאָנט שיצען, ווײַל זי האָט אין די הענד געהאַלטען דעם טאַץ מיט'ן קאַווע-קרוג, מיט די גלעזער און פוטער-גלאָז, נאָר ווען ער האָט זי נאָך אַמאָל געוואָלט אַ קוש טהון, האָט זי זיך אָבגעדרעהט.

— ניין, ניין, מ'דאַרף נישט!

— קעטי...

— איך וויל נישט, איך וויל נישט!

זי האָט אַ טופּע געטהון מיט די פיס און בייז אויף איהם אַ קוק געטהון.

נאָך אַ גאַנץ לאַנגער פויזע האָט זי גענומען דעם טאַץ אין די לינקע האַנד, אַ מאַך געטהון מיט דער רעכטער האַנד איבער איהרע לאָקען און געזאָגט:

— זײַט וויסען איין מאָל פאַר אַלע מאָל: שוין אַ יאָהר ווי איך בין אַ כלה.

קאַרל-היינריך איז געווען אַזוי פערלעגען, איהם איז געווען אַזוי אונאַנגענעהם, אַז ער האָט קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויס-רעדען, פון זײַנע ליפען האָבען זיך נאָר אַראָבגעריסען איינציגע אונקלאָרע קלאַנגען. זײַן ערשטע ליעבעס-אַוואַנטורע האָט זיך אַזוי טרויעריג געענדיגט. מעגליך, אַז ער האָט זיך פערשעמט, פאַרוואָס ער איז זיך אַזוי גראָב בעגאַנגען מיט דאָס דאָזיגע איינפאַכע, צוטרוי-פולע מעדעל, און זײַן געזיכט האָט אויסגעדריקט אַזוי פיעל חרטה, אַז זי האָט רחמנות בעקומען אויף דעם דאָזיגען ליעבען, שעניני-קען פּרינץ.

כדי איהם צו טרייסטען האָט זי געזאָגט צו איהם:

— דאָס הייסט, נישט איינגאַנצען אַ כלה. פראַנץ וואָלט וועלען חתונה האָבען מיט מיר חאָטש שוין, נאָר איך וויל נאָך נישט. ער וואָהנט אין ווין.

— אַזוי גאָר!

— און איהר האָט אודאי געמיינט, אַז ער איז אַ היגער?

קאַרל-היינריך האָט נאָך נישט בעוויזען עפּעס צו מיינען, נאָר ער האָט געזאָגט אַבי נאָר עפּעס צו ענטפערן:

— יאָ, איך האָב געמיינט, ער וואָהנט אין היידעלבערג.

דאָס האָט זיך קעטי'ן אויסגעוויזען אזוי לעכערליך, אז זי האָט זיך צעלאַכט און געמוזט אַוועקשטעלען דעם טאַץ אויף דער ערד אויס מורא, א גלאָז זאָל נישט אראָבפאַלען.

— ער פאָהרט קיינמאָל פון וויען נישט ארויס; ער איז א שרעקליך לאַנגווײליגער הערר. איהר ווייסט, ווער ער איז אַזוינער? ער איז א פערד-סוחר. ער איז זעהר רייך—דריי הייזער האָט ער. איהר ווילט, וועל איך איהם אייך ווייזען? אָט איז ער!

זי האָט זיך אומגעדרעהט און ארויסגענומען פון הינטער דער בלוזקע א קליינע פאָטאָגראַפיע, וואָס איז געלעגען אין א ווארימען אָרט.

דער פרינץ האָט א קוק געטהון אויף די פאָטאָגראַפיע, שטעהענדיג הינטער איהר.

— אמת, ער איז א שענער?

— אָ, יאָ!

— וואָס פאַר א פיינע וואָנסעס!

— הם!...

איהר פראַנצל איז געווען פאָטאָגראַפירט יום-טוב'דיג, מיט א ראָזע אין קנאָפּ-לאָך, דער צילינדער אויף א זייט, א לאַנגער ציגאַר אין מויל און א בייטשעל אין האַנד. צו דעם אלעם איז זיין האַנד געווען אוננעהויער גרויס, אין א הענדשקע, און דאָס ווילבערנע הענדטעל פון בייטשעל האָט פאָרגעשטעלט א פערד-קאָפּ.

— אמת, ער איז א שענער?

— הם!...

— און פון דעסטוועגען וויל איך מיט איהם נישט חתונה האָבען!

ער האָט פערוואונדערט א קוק געטהון אויף איהר.

— ערשטענס וואָלט ער מיר שוין גיכער געפּאַסט פאַר א טאַטע, ער איז שוין באַלד אַלט דרייסיג יאָהר, און צווייטענס וועל איך קיינמאָל נישט פאָהרען קיין וויען, איך האָב וויען נישט ליעב.

— ווירקליך?

— פערשטעהסט איהר מיך, דער מוהמע דערפעל'ס א
ברודער איז פראנצל'ס פאטער, און מיין מוטער עליה השלום איז
אויסגעקומען פראנצל'ס פאטער א שוועסטער-קינד. פון קליינוויי
אן האט מען אונז שוין געהאלטען פאר חתן-כלה. נישט לאנג
האט ער מיר געשריבען א בריעף און געבעטען, איך זאל קומען
א חופה שטעלען. אלע האבען מיר געראטען, איך זאל איינ-
שטימען, און איך האב איהם טאקי מיין ווארט געגעבען, נאר
מיט דיזער בעדינגונג, אז ער זאל ווארטען, ווי לאנג איך וועל
וועלען. — זי האט די פאטאגראפיע גענומען און פערטראכטער-
הייד געזאגט: — און פון דעסטוועגען איז ער א שענער! אמת?

קארל-היינריך איז געשטאנען ווי אין פיעבער, עס האט איהם
אין היץ און אין קעלט געווארפען. זי איז געשטאנען נעבען איהם
און איהרע דונקעלע לאקען האבען שיער-שיער זיין געזיכט בע-
ריהרט.

— אייגענטליך מוז מען דאך חתונה האבען, פריהער צי
שפעטער! מ'קאן דאך נישט שטענדיג אין היידעלבערג בלייבען,
אמת?

— געוויס!

זי האט בגנבה א מאך געטהון מיט דער האנד איבער די
אויגען, אוועקגעלעגט פראנצל'ס פאטאגראפיע צווישען די גלעזער-
טיעך אבגעזיפצט און ווידער דעם טאץ גענומען.

— נו, איצט מוז איך שוין געהן.

זי האט געוואלט פערבייגעהן פאר איהם, נאר ער האט זי
געהאפט און א קוש געטהון. זיין קוש איז געוועזען צארט, שעמעוו-
דיג, נאר ווען ער האט דערפיהלט, אז איהרע ווארימע, ראזע-
רויטע ליפעלעך מיידען זיינע ליפען נישט אויס, האט ער זי אנ-
געהויבען קושען אלץ שטארקער און שטארקער.

— קעטי!

זיי האבען ביידע שווער געעטעמט. איין אויגענבליק האט
ער זי אבגעלאזט און פערווארפען דעם קאפ, כדי א קוק צו טהון
אויף איהר, נאר דאן האט ער זי ווידער מיט קושען בעדעקט.
א ציטער איז איהר קערפער דורכגעלאפען און זי האט זיך שוויגענ-

דיג פון זײַנע אָרעמס בעפרײַט.
— מ'דאַרף נישט מעהר!
— טײַערע קעטי!
— ווי הײַסט איהר?
— איך? קאַרל-הײַנריך.
— צוויי נעמען?
— יאָ.
— קאַרל-הײַנריך, ווי מאָדנע דאָס קלינגט. — זי האָט איהם האַסטיג אַרומגענומען און שטיל אַ זאָג געטהון. — קאַרל-הײַנריך!...

* *
*

לוץ איז אָבגעשפרונגען פון דער טהיר, אַלס זי איז פּלוצלונג אויפגעפראַהלט געוואָרען. קעטי, אײַנגאַנצען אַ רויטע, איז פערבײַ פאַר לוץ'ן, נישט לעגענדיג אויף איהם קײַן מינדעסטע אַכט.

ער האָט אַ קוק געטהון אויף זײַן גאָלדענעם זײַגער: „אַנדערהאַלבען שטונדען!"

און ווען דער פּרינץ האָט אין צעהן מינוט אַרום זײַן טואַלעט געענדיגט, האָט לוץ מיט אַ טײַוועלשען פערגניגען אַכטונג געגעבען, ווי זײַן האָהײַט האָט זיך בעמיהט אויסצוזעהן, ווי קײַן זאַך וואָלט כּלומרשט נישט געשעהן...

— וואָס פאַר אַ וועטער, לוץ?
— זעהר אַ גוטער, אײַער האָהײַט.
— הײַנט האָבען מיר מיטוואָך?
— יאָ, אײַער האָהײַט.

אַלץ אונוויכטיגע פראַגען, וואָס האָבען בעוויזען, אַז דער פּרינץ פיהלט זיך שולדיג.

אָ, לוץ האָט דעם פּרינץ געזעהן דורך און דורך! לוץ האָט גוט געקענט די דאָזיגע הויכגעשטעלטע פּערזאָנען, וואָס האָבען קײנמאָל קײַן מוט נישט אַ קוק צו טהון דער סכּנה גלײַך אין געזיכט אַרײַן און וואָס בעהאַלטען זײַערע אוואַנטורען אַפילו פון קאַמערדיענער.

געהאט עפעס א ארבייט). סוף כל סוף האט זיך בעוויזען דער דאקטאר, אנגעקליידט זעהר אויבערפלעכליך.

— איין מינוט. לוץ! וואו זשע איז לוץ? העלפט מיר נאר צובינדען דעם קראוואט, — אט אזוי. איין מינוט, אייער האהייט. רייניגט מיך אב, לוץ, און דערנאך ברענגט מיר קאווע.

— מיר וועלען פאהרען שפאציערען, — האט קארל-היינריך געזאגט. ער האט אונטערדעסען אנגעצויגען העלע הענדשקעס און די גאנצע צייט זיך איבערגעקוקט מיט קעטי'ן.

— פאהרען? ניין, מיר וועלען געהן.

— ווי איהר ווילט.

און העדר לוץ האט פערבונדען דעם קראוואט, אבגערייניגט דעם דאקטאר און געבראכט איהם קאווע. דאס אלץ האט ער געטהון רוהיג, ווי עס פאסט פאר א מענשען פון זיין לאגע, נאר אינוועניג אין איהם האט עס געקאכט. ניין, ווייסט דער טייוועל, וואס דאס איז אזוינס! די חוצפה פון דעם דאזיגען לעהרער האט איהם אויסער זיך געבראכט. דער דאזיגער דיקער נפש בענעהט זיך מיט איהם ווי מיט א פשוט'ען דינער! „רייניגט מיך אב, ברענגט מיר קאווע!". ער האט זיך אליין נישט געקאנט אבריינינען. אויך מיר א פרינץ! לוץ האט געציטערט פאר צארן.

די פפליכטען און די רעכטע פון א פירשטליכען קאמערדינער זענען אויך אזוי שטרענג בעשטימט ווי די פפליכטען און די רעכטע פון א וויכטיגען בעאמטען. ער דינט פערזענליך דעם פירשט, קיין פשוטע ארבייט טהוט ער נישט. צווישען א פירשטליכען קאמערדינער און א פשוט'ען לאקאי איז אויך אזא אונטערשייד, ווי צווישען א קינסטלער און א בעל מלאכה.

ער האט דעם דאזיגען לעהרערל געמוזט קאווע ברענגען! מען קאן דאך פשוט צעזעצט ווערען פאר געלעכטער!

און דער פרינץ האט דאס ערלויבט! אנשטאט צו זאגען: איך מוז אייך אויפמערקזאם מאכען, דאקטאר, אז בעפעהלען דעם העררן לוץ קאן איך נאר אליין". האט זיין האהייט רוהיג געקוקט, ווי לוץ האט דעם דאקטאר אבגערייניגט. עס פעהלט שוין נישט מעהר, אז דאס דאזיגע לעהרערל זאל איהם נאך זאגען:

די קרוינפרינצען זענען נישט קיין פירשטען. וויפיעל מאל האט שוין געטראפען, אז די קרוינפרינצען זענען ביז צו'ם טראן נישט דערגאנגען.

— ניין, — האט הערר לוץ צו זיך געזאגט, — דאס דאזיגע היידעלבערג געפעלט מיר נישט. איך וועל צוריקפאהרען אין קארלבורג. איך האב דאס צוטרויען פון זיין האהייט דעם פירשט און דעריבער פאסט מיר נישט צו שפיעלען דא א ראלע פון א לאקאי. זיין האהייט איז איצט אלט 56 יאהר, ער קאן נאך גאנץ פריי אבלעבען ביז אכציג.

און וועהרענד ער האט ארומגערייניגט זיין נייען הערר האט ער געטראכט:

„ווארט, לא'ם איך נאר צוריקקומען קיין קארלבורג! איך וועל דארט דערצעהלען וועגען דיר אזעלכע זאכען, אז ביי אלע־מען וועלען זיך די האהר שטעלען קאפויער!"

דער פרינץ האט וויזט אוים גאנץ שנעל בעוויזען צו בע־הערשען זיין שעמעוודיגקייט פאר לוץ'ן:

— דערוויסט זיך נאר שנעלער, לוץ, דער הערר ראט איז שוין אויפגעשטאנען?

הערר לוץ איז צוריקגעקומען מיט א זעהר אונצופריעדענער מינע:

— דער הערר ראט איז נאך געשלאפען, איצט טהוט ער זיך אן.

— דאס קאן נישט זיין! ס'איז דאך שוין צוועלף!

שמייכלענדיג איז דער פרינץ דורכגעגאנגען דעם קארידאר, א שאקעל געטהון מיט'ן קאפ צו קעטי'ן, וואס איז ביי'ם קיך גע־שטאנען, צוגעגאנגען צו'ם דאקטאר'ס צימער און אנגעקלאפט אין טהיר.

— שעמט זיך, דאקטאר! צוועלף דער זייגער!

— יא, יא, גלייך, אין פינף מינוט ארום בין איך פארטיג!

ווארטענדיג אויפ'ן דאקטאר האט זיך דער פרינץ געשטעלט ביי דער טהיר און נישט אראבגענומען קיין אויג פון קעטי'ן, וואס איז אלץ פון קארידאר נישט ארוים (זי האט דארט וויזט אוים

פוצט מיר אָב די קאַמאַשען". אָ, ווען ער וואָלט דאָס געזאָגט! אַ שרעקליכע קאַטאַסטראָפע וואָלט אויסגעפּלאַצט!

דער דאָקטאָר האָט אָנגעטהון זײַן נײַען פאַריזער צילינדער, זיך אויסגעפוצט אין אַ עלעגאַנטען פריהלינג-פּאַלטאָ, חאָטש עס איז געווען זעהר וואַרים, נאָר ער האָט געוואָלט געפעלען ווערען, און איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ זעהר שיק-געקלײדעטען דזשענטעלמאַן. פון דעסטוועגען האָט ער אין פערגלײַך מיט'ן פּרינץ אויסגעזעהן זעהר אײַנפאַך. דער פּרינץ איז געווען יונג, שען, הויכוויקסיג, דער דאָקטאָר — קלײן און גאַנץ דיקליך.

— אַזוי הײסט עס, דאָקטאָר, ווע‌לען מיר געהן צו פוס?

— געוויס, אַזאַ שענער וועטער. מיר וועלען געהן בע־קוקען דאָס שלאָס.

קאַרל-הײנריך האָט זיך נאָך אַלץ נישט געקאָנט צוגעוואוינען צו געהן צו פוס, עס האָט איהם אויסגעוויזען אַזוי מערקווירדיג צו געהן איבער די גאַסען אָהן אַ לאָקאַי, איהם האָט בעהערשט דאָס געפיהל, וואָס בעהערשט נערוועזע מענשען, וואָס האָבען מורא צו געהן איבער די גאַסען און פערליערען דעם מוט, ווען זײ דאַרפען איבערגעהן פון אײן זײַט אויף די אַנדערע.

נאָך גוט, וואָס ער איז נישט געווען אײנער אַלײן, נאָר מיט'ן דאָקטאָר.

פון די טרעפּ האָט מען געמוזט אַראָבגעהן טאַפּענדיג, ווײַל אויף זײ האָט געהערשט עפּעס אַ געהײמניספולע האַלב-פינסטער־ניש, אונטען בײַ'ם טויער האָבען זײ געמוזט זיך מאַכען אַ וועג דורך גאַנצע רײהען קאַסטענס. ענדליך זענען זײ אויס'ן גאַס אַרויס, פערבלענדעט פון דעם העלען זונענשײַן.

— וואָס פאַר אַ וועטער! וואָס פאַר אַ וועטער! — האָט דער דאָקטאָר אויסגעשריען. — שוין די זון אַלײן קאָן אויסהײלען אַ מענשען פון אַלערלײ קראַנקהײטען! ווי וואַרים! פּשוט אַ מחיה! — ער האָט געקוקט אין די אויגען אַלע מעדלעך, וואָס ער האָט בעגעגענט און פאַר זיך האָט ער געקלערט: „ווער ווײסט, וואָס מיך ערוואַרטעט אין דאָס דאָזיגע וואוילע הײדעלבערג! איך וועל זיך נאָך אפשר אין עמיצען פערליעבען! גאָט מײַנער, ווי ווילט

זיך מיר נאָך איין מאָל איבערלעבען דאָס דאָזיגע געפיהל פון ליעבע!"

זיי האָבען זיך בעוועגט פאַמעליך, ווייל דער פּרינץ האָט זיך אָבגעשטעלט פאַר יעדען מאַגאַזין און נייגיעריג ווי אַ קינד האָט ער געקוקט אויף די אויסגעשטעלטע סחורות. ער האָט דערזעהן פיעל זאַכען, וואָס ביז היינט האָט ער וועגען זיי קיין מינדעסטען בעגריף נישט געהאַט, און דער דאָקטאָר האָט איהם געמוזט פיעל זאַכען ערקלערען. פּלוצלונג האָט איהם אַ קינדערשער וואונש אָנגעחאַפּט:

— לאָ'מיר אַריינגעהן אין אַ מאַגאַזין, דאָקטאָר, וועלען מיר עפּעס קויפען.

— אָבער וואָס? — האָט יוטנער געפרעגט פערוואונדערט.

— אַלץ איינס וואָס.

און זיי האָבען אָנגעקויפט צוויי זיידענע שניפּסען, העלע הענדשקעס, אַ הענדטעל מיט אַ פעדער, טינט, פּאַפּיער, וויזיט-קאַרטען, אַ עלעגאַנטען פּאָרטפעל פאַר שרייב-געציי׳ג, וואָס דער פּרינץ האָט דעם דאָקטאָר געשענקט, און ענדליך האָבען זיי פאַר זעקס מאַרק געקויפט אַ זילבערנעם בראַסלעט בעהאַנגען מיט קליינע זילבערנע מטבעות.

— פאַר וועמען איז דאָס?

— פאַר פריילין קעטי.

— וואָס פאַר אַ קעטי?

— דאָס פריילין, וואָס האָט אונז נעכטען בעגריסט מיט אַ ליעד,

— זי הייסט קעטי?

— יאָ, קעטי.

און ערשט איצט איז דעם דאָקטאָר איינגעפאַלען, אַז ער איז דעם גאַנצען פריהמאָרגען פערשלאָפען; ער האָט אַ הוסט געטהון און פון דער זייט אַ קוק געטהון אויפ'ן פּרינץ.

— "דער אָנהויב גאָר נישט שלעכט? איבריגענס, — האָט ער אַ קלער געטהון, — ער איז יונג, זאָל ער געניעסען דאָס לעבען! אַח, ווי איך וואָלט געוואָלט אויף זיין אָרט זיין!"

זיי זענען פּאַמעליך אַרויף אויף אַ באַרג , וואָס איז געווען מיט גריגם בערעקט. די אַנזיכט אין דער הויך איז געווען צויבער־האַפט. די זון האָט געשפּיגעלט אויף די ציגעל־דעכער פון שטעדטעל, רעכטס האָט מען געזעהן דעם אָרענוואלד אין זיין גריגעם מאַי־קאָסטיום , און דאָרט ווייט האָט זיך ווי אַ זילבערנע לענטע געשלענגעלט דער נעקאַר.

זיי האָבען ביידע גלייכצייטיג אויסגעשפּראָכען: „נעקאַר".

איינינע אויגענבליקען זענען זיי געשטאַנען שווייגענדיג און געקוקט אויפ'ן מאַלערישען טייך; דאַן זענען זיי אַרויף העכער און דורך אַ אַלטען טויער זענען זיי אין פּאַרק אַריין.

ביי'ם איינגאַנג זענען געשטאַנען און געגעניצט עטליכע בעגלייטער, נאָר אין אַלטען פּאַרק גופא איז קיין לעבעדיגער נפש געווען. שטיל איז געווען אַרום: די בעזוכער זענען געזעסען ביי'ם פריהשטיק אונטען, אין האָטעל; אַלע סטודענטען זענען אין שטאָדט געווען , און די היידעלבערגער האָבען קיין צייט נישט אַרומצושפּאַציערען ביי טאָג.

פּאַר זיי איז אַ וויעווערקע דורכגעפלויגען, צווייגלעך האָבען אָנגעהויבען קנאַקען, בלעטער האָבען אָנגעהויבען רוישען , און דאַן איז ווידער געוואָרען גאַנץ שטיל , און שווייגענדיג זענען זיי ווייטער געגאַנגען , דורכ'ן בריק אין הויף אַריין און פערביי צו דעם צעשטערטען טהורם.

דער דאָקטאָר האָט צייטענווייז אויסגעשפּראָכען איינינע ווערטער, דער פּרינץ האָט שווייגענדיג מיט'ן קאָפּ צוגעשאָקעלט אָדער געענטפערט מיט איינצעלנע ווערטער.

נאָך אַ געוויסער פּויזע, ווערענד דער דאָקטאָר האָט זיך אַ נדר געגעבען אַלע טאָג אויף די בערג צו קריכען און אַזוי אַרום זיך פון דער אַסטמאַ אויסצוהיילען, האָט דער פּרינץ געזאָגט:

— צי ווילט איהר נישט אויסטרינקען אַ גלאָז ווייַן, דאָקטאָר?

יאָ, דער דאָקטאָר האָט גאָרנישט דאַגעגען.

— נעהמט אַ ציגאַר.

— איך דאַנק אייך.

זיי האָבען זיך געזעצט אונטער אַלטע בוימער , וואָס האָבען

איבער זייערע קעפּ אויסגעשפּרייט זייערע גרינע צווייגען. איינינע מינוט האבען זיי גערעדט וועגען שלאס, וועגען שענעם וועטער, און דאן האבען זיי זיך ווידער פערגעסען אין שטילקייט.

די מיטאג'דיגע זון, די ארומיגע שטילקייט, דער וויין, דער ציגאר — דאס אלץ האט אויפ'ן דאקטאר געווירקט איינשלעפערענדיג. ער האט געפּרובט קעמפּפען מיט'ן שלאף, צוויי מאל האט ער שוין אפילו יא געהאט געזיעגט, נאר צו'ם דריטען מאל זענען די אויגען צוגעשלאסען געווארען.

ערשט אין א געוויסע צייט ארום, ווען דער דאקטאר האט נישט געענטפערט עפּעס אויף א פראגע, האט דער פּרינץ בעמערקט, אז זיין בעגלייטער איז איינגעשלאפען.

ער האט א שמייכעל געטהון, נאר נישט אין כעס געווארען אויף איהם: ניין, פערקעהרט.

ער האט זיך פערווארפען אויפ'ן שטוהל און זיך אנגעשפּארט אן טיש.

איז ער שוין א מאל גליקליך געוועזען? ניין, קיינמאל. נעבטען און היינט האבען איהם בעהערשט טויזענדער נייע איינדריקען און זיי אלע האבען זיך הארמאניש צונויפגעגאסען אין איין מעכטיגען אקארד. קעטי, פרייהייט, היידעלבערג, נעקאר, דאס שלאס, פריהלינג, גאלדענע האפנונגען, — דאס אלץ האט זיין הארץ אנגעפילט מיט א אונבעקאנטען געפיהל פון גליק און זעליגקייט.

קעטי!... ער האט דעם זילבערנעם בראסלעט גענומען און איהם אקעגען דער זון געדרעהט.

צי וועט דאס איהר דערפרעהען? וואלט נישט גלייבער געוועזען איהר עפּעס בעסערס צו שענקען? ער האט דעם בראסלעט אנגעטהון און איהם שוין מעהר נישט אויסגעטהון. איהם האט זיך געדוכט, אז קעטי האט איהם שוין געטראגען, אז דער דאזיגער בראסלעט איז שוין איהרער געוועזען, און דעריבער האט עס איהם פערשאפט פערגניגען זיין בעריהרונג צו פיהלען.

עפּעס שטימען האבען דעם פּרינץ פון זיין פערטראכטקייט אויפגעוועקט. אין פּארק זענען אריין אין בעגלייטונג פון דריי הינד צוועלף סטודענטען אין דונקעל-בלויע היטעלעך. זיי האבען

צוגערופען דעם קעלנער, בעשטעלט ביער, און דאס אלץ אזוי רוישיג, אז אפילו דער דאקטאר האט זיך אונרוהיג א רוק געטהון אויף זיין שטוהל און ווייזט אויס געהאט בדעה זיך אויפצוחאפען.

— קעלערמאן!

— וואס ווינשט איהר?

— קעלערמאן, זעהט, מען זאל אונז דערלאנגען ביער!

— ביטע זעהר!

— קעלערמאן!

— וואס פערלאנגט איהר?

— זאגט דעם קעלנער, ער זאל אונז דערלאנגען די שפייז-קארטע!

— ביטע זעהר!

— קעלערמאן!

— וואס ווינשט איהר?

— און זאל מיטברענגען ציגארען!

— ביטע זעהר!

דער דאזיגער קעלערמאן איז נישט איילענדיג פערביינגע-גאנגען פאר דעם פרינץ אין רעסטאראן אריין און איז אין א ווײלע ארום צוריקגעקומען מיט'ן קעלנער, וואס האט אין די הענד גע-האלטען א מענגע קופעלם מיט ביער.

— קעלערמאן!

— וואס בעפויהלט איהר?

— דער פערפלוכטער הונד וועט מיר די בלומען פערדאר-בען; חאפט איהם!

— ביטע זעהר!

נאר קעלערמאן האט אפילו נישט געקלערט דעם הונד צו חאפען. ער האט עטליכע מאל א פייף געטהון, געשריען צו'ם הונד: „אהער, אהער!“, נאר זעהענדיג, אז דער הונד האט נישט בדעה איהם צו פאלגען, האט ער איהם צורוה געלאזט.

— קעלערמאן!

— וואס ווינשט איהר?

— ברענגט דריי פאסט-קארטען!

— ביטע זעהר !

ער איז ווידער פערביי פאר קארל-היינריך'ן און דער לעצטער האט איהם אויפמערקזאם בעטראכט. ער האט געטראגען עפעס א ליווריע און א היטעל מיט דונקעל-בלויע בענדער ווי די שווייצערם; אויסערליך האט ער אינגאנצען אויסגעזעהן ווי א דיענער, נאר לויט דעם פרינצענס מיינונג איז ער גאר נישט ענהליך געווען צו א לאקאי. ער האט זיך בעוועגט נישט איילענדיג, מיט קליינע שטילע טריט. ער האט ווייזט אוים געהאלטען, אז וואס פאמעליכער, אלץ בעסער. ער האט געהאט א דונקעל-בלויליכע נאז און לאנגע מעלאנכאלישע וואנסעם. זיינע אויגען האבען געהאט א טרויעריגען אויסדרוק און דער בליק איז געווען געווענדעט ערגעץ ווייט; ער האט ווייזט אוים קיין מינדעסטע אכט נישט געלעגט אויף אלץ, וואס האט זיך געטהון רעכטס און לינקס פון איהם. אויף קארל-היינריך'ן האט ער אפילו קיין קוק נישט געטהון, חאטש ער איז צוויי מאל פערביי פאר איהם.

„וואס פאר א מאדנער מענש", האט דער פרינץ א קלער געטהון, נאר זיין בעזונדערע אויפמערקזאמקייט האבען צוגעצויגען די סטודענטען.

זיי זענען געזעסען אזוי ערוויטערט, אז ער האט נאר געהערט זייער פרעהליך געלעכטער און זייערע אונאויפהערליכע אויסשרייען: „קעלערמאן !", דאך האט ער געהאט די פאלשטענדיגע מעגליכקייט זיי צו בעטראכטען. דאס איינציגע, וואס האט בעוויזען, אז זיי זענען סטודענטען, זענען געווען זייערע היטעלעך און די בענדער מיט די קאלירען פון דער זאקסישער קארפאראציע. זיי האבען אין זיך נישט געהאט קיין זאך פון יענעם טראדיציאנעלען סטודענט, וועלכען מען האט אין יענער צייט געשילדערט אין די ראמאנען און אויף דער סצענע.

זיי האבען נישט געטראגען קיין אונגארישע רעק, נישט קיין הויכע שטיוועל, נישט געהאלטען אין די הענד לאנגע ליולקעס; זיי זענען געווען עלעגאנטע לעבענס-פריידיגע יונגע לייט. חאטש עס איז נאך גאנץ פריה געווען האבען זיי שוין פערשלונגען אונגעהויער פיעל ביער, און עס איז ווירקליך געווען זעהר פרעהליך

און אינטערעסאנט זיי צו בעטראכטען .

אין פרינצענס הארץ האט זיך עפעס אנגעהויבען בעוועגען . עס האט איהם בעהערשט א ביז איצט אונבעקאנט געפיהל פון עלענדקייט . ער האט א קוק געטהון אויפ'ן דיקען ראט , וואס איז געשלאפען מיט'ן אויסגעלאשענעם ציגאר צווישען די ציינער . מערקווירדיג , אין שלאף האט ער אויסגעזעהן כמעט ווי א אלטער מאן . געוויס , דער דאזיגער דאקטאר איז א גאנץ וואוילער מענש און שוין אזוי פיעל יאהר ווי ער לעבט מיט איהם זעהר בעפריינדעט . דער דאקטאר איז געוועזען דער ערשטער און איינציגער מענש , וואס האט אריינגעבראכט אין די שטיקענדע אטמאספערע פון קארלבורגער פאלאץ א שטראם פרישע לופט און בעלעבט די פריידלאזע יוגענד פון פרינץ , נאר ...

איצט איז שוין קארל-היינריך קליגער געווארען, ער האט שוין אלץ בעגריפען ! ער האט פערשטאנען , אז אין קארלבורג האט מען איהם שענדליך גענארט, אז מען האט צו איהם אומישנע נישט צוגעלאזט קיינעם , מיט וועמען ער וואלט זיך געקאנט בעפריינדען ! מיט וועמען האט ער זיך געשפיעלט ? מיט וועמען האט מען איהם שפאציערען געפיהרט ? מיט דיענער, מיט לאקייען מיט מענשען , וואס האבען דערפאר בעקומען געצאהלט .

ביז נעכטיגען טאג איז ער בלינד געוועזען ! ער האט אפילו קיין פארשטעלונג נישט געהאט וועגען דאס ווירקליכע לעבען , מען האט איהם געהאלטען ווי א געפאנגענעם , איינגעשלאסען . אין א גאלדענעם שטייג . אה, זיי האבען איהם געוואלט אויסדרעיען ! איצט האט ער שוין אלץ פערשטאנען !

פאר איהם איז פערביי א הויכער , שענער סטודענט :

— קומט , קעלערמאן , וועלען מיר מאכען פונש .

— ביטע זעהר !

מיט מידע , טריבע אויגען האט איהם דער פרינץ נאכגעקוקט . ווייזט אויס , איהם איז שוין בעשערט צו בלייבען אהן פריינד , אהן נאהנטע , דאס גאנצע לעבען בלייבען עלענד, עלענד .

* *
*

פֿינף דעם זײגער האָט דער מעטר ד׳האָטעל פֿון „פּרינץ קאַרל״ דערלאַנגט מיטאָג זײן האָהײט דעם זאַקסען־קאַרלבורגער קרוינפּרינץ און דעם ראַט יוטנער .

זײ זענען שווײַגענדיג בײַם טיש געזעסען . די נײַגיעריגע בליקען פֿון די שכנים, די דרך־ארץ׳דיגע בליקען פֿון די בעדיענער דער אונענדליך מאָנאָטאָנער מיטאָג , דאָס אלץ איז געוועזען אַ שאַרפֿע דיסהאַרמאָניע צו דעם פֿריהערינגען שפּאַציער . און דאָס אלץ האָט גענוי דערמאָהנט די פֿײַערליכע הויף־מיטאָגען . דאָס ערשטע געפֿיהל פֿון דער צויבערהאַפֿטער פֿרײַהײט איז פֿערבײַ .

צו׳ם ראַט איז צוגעקומען דער קעלנער מיט אַ וויזיט־קאַרטע אויף אַ טאַץ און שטילערהײד געזאָגט .

— דער דאָזיגער הערר וויל רעדען מיט׳ן הערר ראַט ; ער וואַרט דאָ דאַנעבען , אין רויכער־צימער .

— מיט מיר ? — דער דאָקטאָר , שטאַרק פֿערוואונדערט, האָט אין די הענד גערדעהט די וויזיט־קאַרטע . — „קאָנראַד פֿאָן גרעבעניץ , סטוד . יוריס״ . ווער איז ער אַזוינער ? איך קען איהם נישט . וואָס וויל ער ?

— זײ ווילען זיך דורכרעדען מיט אײַך

— יאָ, דאָס האָב איך שוין געהערט .

— פֿרעגט , דאָקטאָר , וואָס ער ווינשט , — האָט קאַרל־הײנריך גלײַכגילטיג געזאָגט .

— גוט , זאָגט איהם, אַז איך קום גלײַך אַרויס .

דער דאָקטאָר איז מיט פֿערדרוס אויפֿגעשטאַנען פֿון טיש , ווײַל פּונקט פֿערקעהרט ווי אַלע מענשען איז ער נאָך מיטאָג שטענדיג געוועזען אין אַ זעהר שלעכטער לוינע; ער האָט זיך שטענדיג פֿאַרגעוואָרפֿען , פֿאַרוואָס ער פֿולט צופֿיעל אָן זײַן גרויסען מאָגען .

אין רויכער־צימער האָט ער בעגעגענט אַ עלעגאַנטען יונגען מאַן , וואָס זײַן גאַנץ געזיכט איז פֿול געוועזען מיט שראַמען .

— איך בין ראַט יוטנער .

— פֿאָן־גרעבעניץ .

— ביטע , זעצט זיך .

איך בִּין געוועזן בּײַ אײַך, נאָר מען האָט מִיר געזאָגט, אַז אִיך קאָן אײַך דאָ טרעפֿען. זעהט אִיהר, מײַן בִּיטע בּעשטעהט אִין פֿאָלגענדעס, העֶרר ראַט. צִי וועט אִיהר נִישט זײַן אַזוי גוּט מִיך פֿאָרצוּשטעלען פֿאַר זײַן האָהײַט?

— דעם קרוֹינפּרִינץ?

— יאָ, אִיך וואָלט אײַך זעהר דאַנקבּאַר געוועזן

— אוּן ... אִין ... אײגענטלִיך ... צוּ וואָס?

— אִין נאָמען פֿוּן אוּנזער גאַנצער קאָרפּאָראַציע וואָלט אִיך מִיט דרך-ארץ געבּעטען זײַן האָהײַט, צִי וועט זײַן האָהײַט נִישט בּעווילִיגען צוּ בּעגלִיקען אוּנז מִיט דער גרוֹיסער עהרע בּײַצוּזײַן אוֹיף הײַנטִיגען סטוּדענטען-בּאַל.

— אַח, אַזוי גאָר! — ער האָט אַ שמײכעל געטהוּן. ווִי האָט ער זִיך דאָס גלײַך נִישט געחאַפּט? אִיצט אִיז דער אָנהוֹיבּ פֿערשטאַנען, דִי סטוּדענטען וועהלען זִיך אוֹים יעדער אִין וועלכע קאָרפּאָראַציע אַרײַנצוּטרעטען אוּן יעדער קאָרפּאָראַציע וואָלט געווִים געוועזן זעהר געוואוּנשען, אַז דער קרוֹינפּרִינץ זאָל זײַן אײנער פֿוּן אִיהרע מִיטגלִידער. ער וואָלט פֿאַר דער קאָרפּאָראַציע געוועזן אַ גאַנץ זִיסער בִּיסען.

נאָר וואָס וועט מען זאָגען אִין קאַרלבּוּרג, אוֹיבּ קאַרל-הײַנרִיך דער קרוֹינפּרִינץ וועט אַרײַנטרעטען אִין וועלכע עס אִיז סטוּדענטִישע קאָרפּאָראַציע? עס אִיז בּעקאַנט, אַז דִי דײַטשע קרוֹינפּרִינצען זענען זעהר אָפֿט געוועזן מִיטגלִידער פֿוּן סטוּדענטִישע קאָרפּאָראַציעס אִין בּאָנא'ער אוּנִיווערזִיטעט, נאָר בּערלִין קאָן דאָך נִישט דִיענען אַלס בּײַשפּיעל פֿאַר קאַרלבּוּרג, — פֿערקעהרט.

גאַנץ געווִיס, דער פֿירשט וועט נִישט אוֹיסדרִיקען זײַן צוּשטִימוּנג אוּן דִי גאַנצע שוּלד — דאָס אִיז אוֹיך גאַנץ זִיכער — וועט פֿאַלען אוֹיפ'ן דאָקטאָר. ער אִיז געשִיקט געוואָרען קײן הײַרעלבּערג נִישט צוּלִיעבּ פֿערגנִיגען, נאָר כּדי צוּ געבּען אַ געהעריגע רִיכטוּנג פֿאַר דער ערצִיהוּנג פֿוּן יוּנגען, אוּנערפֿאַהרענעם פּרִינץ. ער האָט זִיך פֿאָרגעשטעלט דִי אִיבּערגעשראָקענע, צעבּײזערטע געזִיכטער פֿוּן דִי קאַרלבּוּרגער הוֹיפֿלײַט, ווען זײ וועלען דערהאַלטען דִי ידיעה, אַז דער קרוֹינפּרִינץ אִיז אַרײַנגעטרעטען אִין אַ סטוּדענ-

טישע קארפאראציע.

נאר קארל-היינריך!...

ענדליך וואלט ער דאך געווארען אויך אזא מענש ווי אלע איבעריגע מענשען.

יא, צי לויהנט איינענטליך דעם דאקטאר זיך צו שרעקע פאר דעם אלערהעכסטען בעם? אין א יאהר ארום וועט ער סיי ווי ענדיגען זיין דיענסט נעבען קרוינפרינץ, און דאן... דאן וועט ער שוין געפינען עפעס אנ'אנדער שטעלע.

און ווי גוט וואלט דאס געווען אבצוטהון עפעס א מיאוס שטיקעל די קארלבורגער מומיען! געוויס וועט ער שוין דאן נישט בעקומען דעם זאקסען-קרייץ פון ערשטען סארט, אויך וועט ער שוין קיינמאל נישט ווערען קיין געהיימראט, מען וועט איהם קיינמאל אין הויף נישט איינלאדען... נאר דאס אלץ איז נארישקייטען.

ער וועט דאס טהון פאר איהם, פאר זיין קליינעם קארל היינריך, וועלכען מען האט דארט אין א שטייג געהאלטען.

ער איז אויפגעשטאנען:

— ביטע מיט מיר.

און מיט פעסטע טריט, מיט א לייכט הארץ, ווי עס וואלט זיך געהאנדעלט וועגען עפעס א קלייניגקייט, איז דער דאקטאר אריבערגעטרעטען דעם שוועל פון עס-צימער, די גרענעץ, וואס האט איהם אויף אייביג געשיידט פון כבוד, ארדענס און טיטלען.

# פיערטעס קאפיטעל.

אין רידערס קליינעם רעסטאראן, וואס איז געווען איינגע-דיכטעט אויפ'ן ברעג פון נעקאר, איז קעטי געווען בעשעפטיגט נאך נאך מיטאג; ביז מיטאג האט זי געהאלפען אין בעל-הבתי'ש-קייט איהר באבען, און דאן זענען זיי ביידע אוועק צו רידערן. רידער איז געווען פרוי דערפעל'ס א שוואגער און אזוי ארום איז ער אויך געווען קעטי'ס א קרוב.

אין היידעלבערג איז געווען נישט ווייניג בעסערע רעסטא-ראנען ווי רידערס איינפאכער קליינער רעסטאראן, נאר אין ערגעץ

איז געווים נישט געװעזען אזוי בעקוועם ווי דא. כדי אריינצוגעהן אין גארטען האט מען געמוזט דורכגעהן דורך דאס האלבאייננגעפֿאלענע הויז, וואס זיינע טהירען זענען געווען אזוי נידריג, אז די לאנגע פּרייסישע יונקערס, וואס זענען געווען מיטגלידער פֿון דער זאקסען-פּרייסישער קארפּאראציע, האבען יעדעס מאל געמוזט זארגפֿעלטיג איינבויגען דעם קאפּ כדי אויסצומיידען אַ אונגליק.

דערפֿאר אבער איז אין גארטען געווען ברייט און פֿריי. די סטודענטען פֿלעגען זיך אויסזעצען אונטער די אלטע לינדענבוימער. אויפֿ'ן געגענאיבערדיגען ברעג איז געלעגען הײדעלבערג, אין דער ווייטען האט זיך געהויבען דאס אלטע שלאס. די סטודענטען האבען געטרונקען יוסף רידער'ס גוטען, אלטען וויין, געקוקט מיט פֿערגניגען אויף די ארומיגע אנזיכט און גענאסען דאס לעבען.

אויסער דעם האבען זיי אויך געקוקט מיט פֿערגניגען אויף די שענע קעטי, וואס האט דעם וויין איינגעשענקט.

ווי עס טרעפֿט אפֿט איז יוסף רידערס קליינער רעסטאראן צו'ם אנהויב געווען אַ פּשוט'ע מאטראסען-שענק. איין מאל זענען צופֿעליג אריין אהין עטליכע בכבוד'יגע מוטערס פֿון פֿאמיליען מיט זייערע טעכטער און זיי זענען ענטציקט געווען פֿון דעם שענעם, בעקוועמען ווינקעל, וואו מען האט געקאנט פֿערברענגען די נאכמיטאג'דיגע צייט. אין גיכען אבער האבען דאס דאזיגע ווינקעל ענטדעקט די סטודענטען, וואס האבען געמאכט אַ סוף צו דער פֿאמיליען-אידיליע. זיי פֿלעגען קומען אלע טאג נאך מיטאג און בלייבען ביז שפּעט בײנאכט. רידערס גערטענדעל איז פֿול געוואָרען מיט געשרייען, געפֿילדער און געבילערײַ פֿון היינד, וואס פֿלעגען אריבערשפּרינגען איבער'ן גארטען-צוים גלייך אין נעקאר אריין. אין איין מאנאט האט רידער געלעזט מעהר ווי ער פֿלעגט פֿריהער לעזען אין אַ משך פֿון אַ גאנצען סעמעסטער, נאר שוין אין דריי וואכען ארום האבען די סטודענטען ארויסגעשטופּט די בכבוד'יגע פֿאמיליען-מוטערס, וואס האבען שוין מעהר נישט געוואגט זיך צו ווייזען אין דעם פֿאריגען ליעבען ווינקעל.

פֿרוי רידער, פֿרוי דערפֿעל און רידער'ס צוויי שוועסטער—
ילך בכבוד'יגע דאַמען — פֿלעגען אָפֿט רעדען מיט אַ שטילען טרויער, אַז אַ מאָל איז געווען אַ שטילער אַ רוהיגער, און זיי זענען אַלע געווען פֿעסט איבערצייגט, אַז דער נייער קרייז בעזונדער איז שעדליך פֿאַר קעטי'ן.

ווען זי איז אַלט געווען זיבעצעהן יאָהר האָט זי בעשיידען דערלאַנגט קאַווע די דאַמען אין גאָרטען, און שוין דעמאָלט איז זי געווען אַ דורכגעטריבען מעדעל, נאָר דאָך האָט מען זי נאָך געקאָנט איבעררעדען און זי אַרויספֿיהרען אויפֿ'ן ריכטיגען וועג! נאָר פֿון זינט אָן די סטודענטען זענען אָנגעקומען, איז שוין פּשוט פֿון איהר נישט אויסצוהאַלטען. די אַלטע פֿרויען פֿלעגען איהר אָפֿט בעמערקען: „פֿיהר זיך אויף אַנשטענדיג, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ יונג מעדעל". דאַן פֿלעגט זי אַריין אין קיך מיט איהר שטריקעריי און אונטערטעניג אויסהערען זייער אונענדליכען מענה-לשון. טיילמאָל האָט זי זיי געפּרובט ענטפֿערען און זיך בעמיהט זיי אויפֿצווייזען, אַז זי פֿיהלט זיך נישט חלילה אין קיין זאַך שולדיג און אַז זי קאָן זיך דאָך נישט האַלטען ווי אַ רבי'צין; וועהרענד זי דערלאַנגט וויין די יונגע סטודענטען, נאָר דאַן זענען די אַלטע פֿרויען אויף איהר נאָך שטאַרקער בעפֿאַלען און נישט אויפֿגעהערט צו האָבען טענות צו איהר. דעריבער פֿלעגט זי אין אַזעלכע פֿאַלען בעסער שווייגענדיג אויסהערען זייערע טענות, זיצען אונטערטעניג און וואַרטען אויפֿ'ן סוף פֿון שטורמווינד.

נאָר ווען נאָך מיטאָג זענען אין גאָרטען ענדליך געקומען די סטודענטען, וואָס האָבען נאָך פֿון וויטען געשריען צו איהר: „ע, קעטי, קעטי!", איז זי גאָר אַנ'אַנדער מענש געוואָרען. די שטריקעריי איז אין אַ זייט אַוועקגעקומען און זי איז ווי אַ פֿייל פֿון בויגען געפֿלויגען אין גאָרטען.

— ביער, קעטי!

— שוין, שוין! זאַלבעוויפֿיעלט זענט איהר? פֿינף, זעקס, זיבען... אָבער זאַלבעוויפֿיערט זענט איהר דאָ? נו וואויל, זעצט זיך דאָ צו'ם טייך צו, וועל איך אייך גלייך דעם טיש דעקען!

און וואָס מעהר מענשען אין גאָרטען איז געווען, אלץ פֿלינקער האָט זי בעדינט. אין בײדע הענד האָט זי געהאלטען קופלעס מיט ביער, און ווען מען האָט זי געריסען פֿון אלע זײטען: „קעטי, די שפּײז־קאַרטע!“, „קעטי, ביער!“, „קעטי, אהער!“, פֿלעגט זי נאָר לאַכען, ווײַזענדיג דערבײַ צוויי שורות בלענדענד ווײַסע צײהן, און שרײַען: „שוין, שוין, זײַט געדולדיג!“

זי האָט אומעדום בעוויזען, אַט דאָ און אַט דאָרט האָבען דורכגעבליצט איהר ווײַסער פֿאַרטוך און איהרע נאַקעטע אָבגע־ברענטע הענד. זי איז קײנמאָל נישט צעמישט געוואָרען, קײנמאָל קײן זאַך נישט פֿערגעסען: קײן לעפֿעל, קײן טעלער, קײן גאָבעל, און די אַלטע פֿרויען, וואָס זענען אין קיך געזעסען, האָבען איהר פֿערוואונדערט נאָכגעקוקט און גערעדט:

— אַט אַ פֿלינק מערעל!

אינים בײַטעל, וואָס זי האָט בײַ'ם גירטעל געטראָגען און בײַנאַכט אונטער'ן קישען געלעגט, האָט זי שטענדיג געהאַט אַ באַרג געלר. בײַ'ם אויסבײַטען געלד פֿלעגט זי נעהמען אַ גאַנצען הויפֿען קלײנגעלד און אויפֿ'ן טיש געוואָרפֿען.

— דו האָסט קײנמאָל קײן טעות נישט, קעטי? — האָט מען זי געפֿרעגט.

— עס טרעפֿט אַ מאָל, נאָר איהר זענט דאָך אַזוינע עהר־ליכע: איהר וועט אָוועקגעבען, אויב איך וועל אײַך איבערגעבען.

— לחיים דיר, קעטי!

— לחיים אײַך! — זי האָט מיט דער האַנד אויסגעווישט איהרע רויטע ליפּעלעך און אראָבגעזופּט עטליכע מאָל פֿון די סטודענטענס קופעלס. אײניגע האָבען זי געפּרובט פֿאַר דער טאַליע חאַפּען, נאָר זי האָט זיך אויסגעדרעהט ווי אַ קעצעל.

און די פֿיער אַלטע פֿרויען האָבען פֿון קיך געקוקט אויף די דאָזיגע סצענעס מיט אַ געמישטען געפֿיהל פֿון פֿעדרוס און כּעס, אַבּיסעל האָבען זײ איהר מקנא געווען, נאָר אין הארצען האָט עס זײ פֿערדראָסען.

צי דען וועלען זײ יעדען טאָג זיך מוזען צוקוקען צו אַזעלכע מיאוסע זאַכען? צי דען וועלען זײ דאָס מוזען צוזעהן, ווי קעטי,

וואָס איז זייערם אַ אייניקעל. וועט ביכלעכוויז ארונטערפאלען
אונטער דעם פערדארבענדען איינדרוק פון די סטודענטען? נאַ-
טירליך וואלט מען געקאָנט דינגען אַנ'אַנדער דיענסט. נאָר דאָס
איז נישט אַזוי לייכט ווי עס רעדט זיך. עס איז שווער צו געפי-
נען אַזאַ ארבייטזאמע, אַזאַ אַקוראַטע, אַזאַ פלינקע, אַזאַ עהר-
ליכע און ענדליך — יאָ, דאָס איז דאָך דער עיקר — אַזאַ שעני-
קע דיענסט.

נאָר אין אמת'ען גערעדט איז זי דען טאַקי אַזוי שען? די
אַלטע פרויען האָבען דאָס אָפט ארומגערעדט און בעשלאָסען, אַז
זי האָט נישט אין זיך קיין שענהייט. איהר געזיכט איז צופיעל
אָבגעברענט, די הענד זענען צו דין, און בכלל איז איהר גאַנ-
צע פיגור נישט שלאַנק. אָ, ווען זיי זענען יונג געוועזן זענען זיי
פיעל שענער געוויזן ווי זי.

נאָר די סטודענטען איז פריילין קעטי שטאַרק געפעלען.
לויט זייער מיינונג איז זי געוועזן זעהר שען, אין איהר געבורטס-
טאָג האָבען זיי איהר בעשאָטען מיט גאַנצע בערג בלומען און
רידערס רעסטאָרען האָבען זיי בעזוכט ניכער צוליעב איהר ווי
צוליעב רידערס וויין און פרוי רידערס קאַלבס-בראַטען.

אָפט האָבען די אַלטע פרויען געקלערט וועגען דעם, צי
ליעגט נישט אויף זיי אַ הייליגע פליכט מיטצוטיילען דעם קווען
פראַנצל, ווי זיין כלה פערברענגט די צייט, נאָר זיי האָבען מורא
געהאַט, אַז דאַן קאָן אין אַ שענעם טאָג אראָבקומען דער זעלבער
פראַנצל און קעטי'ן מיט זיך אוועקפיהרען.

און סוף כל סוף האָבען זיי זיך געטרייסט דערמיט, אַז
חאָטש קעטי איז זייערס אַ קרובה, דאָך איז זי אַ גאַנץ ווייטע
קרובה. געוויס איז עס טרויעריג, וואָס זי איז אַזאַ לייכטזיניג מיי-
דעל, נאָר וואָס קאָן מען טהון? מען מוז דאָס ליידען. רידערס
געשעפטען זענען געגאַנגען גלענצענד, און דאָס איז דער עיקר.

דעם 3-טען מאַי אויף זייגער פיער נאָך מיטאָג איז אין
רידערס גאָרטען געוועזן בעשטימט אַ פערזאַמלונג פון די סטודענ-
טישע קאָרפּאָראַציעס. נאָך פאַר דריי זענען שוין געקומען די
קאָרפּאָראַציאָנס-דיענער מיט'ן הערן קעלערמאַן אין דער שפיץ

און אָנגעהויבען די טישען אויסשטעלען. אין מיטען האָבען געדאַרפט זיצען די „וואַנדאַלען“, רעכטס צו'ם נעקאַר די „זאַקסען“, נעבען זיי די „רענאַנען“, דאַן די „זאַקסען-פּריַיסען“, ביי'ם קעגעל באַהן די „שוואַבען“ און געגען זיי די „וועסטפאַלער“.

קעטי האָט זיי געהאָלפען אויסשטעלען, וועהרענד רידער איז חשיבות'דיג אַרומגעגאַנגען הין און צוריק, געוואָרפען אויף אַלעמען פאָרשענדע בליקען און זיך פאָרגעשטעלט, אַז ער איז דאָס דאָ די הויפּט-פּערזאָן. ער האָט געטרונקען בראָנפען מיט די דינער און זיי מכבד געווען מיט ציגאַרען, וואָס ער האָט טאָגטעגליך גערויבערט פון זעקס דעם זייגער אין דער פריה ביז צוועלף בייַנאַכט. דוכט זיך, אַז ווען מען וואָלט צונויפגעלעגט אין דער לענג אַלע ציגאַרען, וואָס ער האָט אין איין יאָהר אויסגערויבערט, וואָלטען זיי פערנומען אַ גאַנצען קילאָמעטער.

האַלב פיער זענען געקומען די מוזיקאַנטען און מען האָט געמוזט פאַר זיי צוגרייטען אַ פעסעל ביער. דאַן האָבען אַלע: די פיער אַלטע פרויען, די זעקס קאָרפּאָראַציאָנס-דינער, די פינף מוזיקאַנטען און קעטי אָנגעהויבען אויסצוהענגען איבער די בוימער פערשידענע-פאַרביגע לעמפּלעך. רידער האָט נאָך אַ מאָל געמאַכט אַ אינספּעקטאָרישען בעזוך אין קיך, קעטי האָט אָנגעטהון אַ נייַען, שנעע ווייַסען פאַרטוך, און ווען אַלץ איז ש'ין גרייַט געווען צו'ם אויפנעהמען די טייַערע געסט האָט די מוזיק אָנגעהויבען שפּיעלען אַ טוש (אַ בעגריסונגס-אויפשפּיעל) און פונקט פיער דעם זייגער זענען אין גאָרטען אַרייַנגעקומען די „וואַנדאַלען“ — אַכט סטודענטען און צוועלף פוקסען (פרישע סטודענטען).

— האַלאָ, קעטי!

— וואָס מאַכסטו?

מיט פרעהליכען געלעכטער האָבען זי גלייַך אַרומגערינגעלט צוואַנציג רויטע היטעלעך, אָנגעהויבען איהר די הענד דריקען און פּלוידערן מיט איהר. רידער און די פיער מוהמעס זענען מיט דרך ארץ געשטאַנען פון דער ווייַטען, די מוזיקאַנטען האָבען געשפּיעלט אַ סטודענטיש ליעדעל, די קאָרפּאָראַציאָנס-דינער האָבען מיט רוהיגער ווירדע פערנומען זייערע פּלעצער, און קעטי איז געשטאַ-

נען ארומגערינגעלט פון די סטודענטען, אזוי ווי א קעניגין צווי־שען איהרע אונטערטאנען.

בעזונדערס מיטליידיג האט זי זיך געווענדעט צו א דיקען יונגען מאן, וואס זיין גאנצע באק איז געווען ארומגעלעגט מיט וואטע און פערבונדען מיט א שווארצען באנד:

— מען האט דיך ווידער נעבעך איינגאנצען צעשניטען! ווי אונגעשיקט דו ביזט.— זי האט איהם פאר'ן קאפ גענומען,— דער סטודענט האט זיך געלאזט,— און איהם אויפמערקזאם בע־טראכט.— נעבעך, וואס מען האט געמאכט פון דיר!

נאר די שענע קעטי איז נישט לאנג געבליבען צווישען די וואנדאלען, ווייל ווידער דאט זיך דערהערט א טוש און עס זע־נען אריינגעקומען די „זאקסען־פרייסען", וואס האבען אויך געהאל־טען פאר זייער פליכט ארומצורינגלען קעטי'ן און די הענד דרי־קען. נאך זיי זענען אין גארטען אריינגעפאלען מיט א געלעכטער די „שוואבען", דאן די „רענאנען", די „וועסט פאלער", אזוי אז די מוזיקאנטען האבען קיים בעוויזען אויסצוטרינקען צו קופעל ביער צווישען די טושען. דער גארטען איז פול געווארען מיט א קוויט־שעריי און א געבילעריי פון גרויסע און קליינע הינד, איבעראל האבען געפינקעלט רויטע, בלויע, גרינע און געלע היטעלעך. קעטי, נישט אויפהערענדיג צו לאכען פאר פערגניגען, איז איבער־געלאפען פון איינעם צו'ם אנדערען, בעגריסט אלעמען, געשטיפט און כמעט יעדען מיט'ן נאמען אנגערופען — זי האט זיי ווייזט אוים אלעמען געקענט.

עס איז אינטערעסאנט געווען צו קוקען אויף דאס דאזיגע ליעבע מעדעל, ועהרענד זי איז צווישען די סטודענטען געשטאנען. עס איז קענטיג געווען, אז אלע האבען זי געליעבט און געאכטעט. איהרע אויגען האבען מיט שמחה געלויכטען.

פלוצלונג האט זיך אין אלגעמיינעם גערויש דערהערט די שרייענדע שטימע פונ'ם לאנגען וועבעל, א מיטגליעד פון דער זאקסען־פרייסישער קארפאראציע:

— קעטי, אהער!

פערוואונדערט אביסעל פון דעם דאזיגען שארפען אויסשרי

האָט זיך קעטי אומגעדרעהט און בעז אַ קוק געטהון אויף איהם, נאָר ער איז נישט פערלעגען געוואָרען, אַריבערגעשפּרייזט מיט זיינע לאַנגע פיס איבער די צוויי שטוהלען און צוגעגאַנגען צו איהר.

— קעטי, די זאַקסען-פּרייסען פערבעטען דיך אויף אונזער אַלגעמיינעם באַל און בעקרוינען מיט דעם דאָזיגען באַנד; טראָגעם מיט עהרע.

און ביי די ווערטער האָט ער אַראָבגענומען פון זיך דעם פיער-פאַרביגען באַנד און איהם אַרומגעבונדען אַרום דאָס פערוואונדערטע מעדעל.

און ביי דער אַלגעמיינער פערוואונדערונג פון די איבעריגע קאָרפּאָראַציעס האָבען די „זאַקסען-פּרייסען" „בראַוואָ" געשריען און צוועלף מאָל צוגעקלאַפּט מיט זייערע קופלעס אָן די טישען.

— לחיים דיר, קעטי!

— קעטי, הורא!

אין דעם דאָזיגען קריטישען מאָמענט — די „זאַקסען-פּרייסען" האָבען שטענדיג אָבגעטהון עפּעס אַ אונגעוועהנליך שטיקעל — האָט דעם מוט נישט פערלאָרען נאָר דער איין „וואַנדאַל" גריס.

— קעטי!

— וואָס?

— „וואַנדאַליע" בעפּוצט דיך אויך מיט איהר באַנד. — און שנעל האָט ער אַראָבגעריסען פון זיך דעם רויט-גאָלדיגען באַנד און אַרומגעבונדען מיט איהם דעם ביוסט פונ'ם יונגען מיידעל.

אַלע וואַנדאַלען זענען געוועזען אויסער זיך פאַר ענטציקונג.

— בראַוואָ!

— לחיים פאַר קעטי'ן

— עס לעבע קעטי!

ביי די אַלגעמיינע געשרייען פון ענטציקונג און אַפּלאָדיסמענטען זענען צו קעטי'ן איינער נאָכ'ן אַנדערען צוגעגאַנגען די פאָרשטעהער פון די איבעריגע קאָרפּאָראַציעס און זי בעפּוצט מיט זייערע בענדער, און זי איז געשטאַנען צווישען די סטודענטען.

אינגאנצען רויט, אביסעל פערלעגען, געווארפען בליקען אויף די יונגע לייט און פון זיי אויף די רויטע, בלויע, גאלדיגע, גרינע, ווייסע און שווארצע בענדער, וואס זענען ארומגעבונדען ארום איהר.

נישט לאנג געטראכט האט זי דאן א חאפ געטהון דעם נאהנטסטען קופעל ביער און איהם הויך אויפגעהויבען:

— איהר זענט אלע אזוינע גוטע, ליעבע. איך טרינק פאר אייך אלעמען לחיים! — און מיט א מאל אויסגעלעדיגט דעם קופעל.

ענטציקט האבען זי די סטודענטען אין די לופט אויפגעהויבען און אלע האבען געשריען:

— עס לעבע קעטי!

— קעטי!

זי האט נאך אלץ געהאלטען דעם לעדיגען קופעל אין האנד, געוואלט עפעס זאגען, אפשר אויסדריקען איהר אונצופריעדענהייט, נאר אונטען האט זי דערזעהן אזוי פיעל קאלירטע היטעלעך, אזוי פיעל לאבענדע געזיכטער און צו איהר אויסגעשטרעקטע קופלעס, אז זי האט זיך צעלאכט.

א טוש!

אלע זענען פערשוויגען געווארען.

ביי'ם איינגאנג אין גארטען האט זיך בעוויזען די לעצטע קארפאראציע — די „סאקסאניע". זי האט פערשפעטיגט און דעריבער האט זי געמוזט בעצאהלען 60 מארק שטראף!

א טוש!

די „זאקסען" האבען פייערליך אויפגעהויבען זייערע היטעלעך און אויף די דאזיגע בעגריסונג האבען אויך אזוי שטאטליך און פייערליך געענטפערט די איבעריגע פינף קארפאראציעס.

איין אויגענבליק איז קעטי פערגעסען געווארען.

אלע בליקען האבען זיך מיט א געוויסער נייגיעריגקייט, זאגאר מיט קנאה געווענדעט צו'ם שלאנקען יונגענמאן, וואס איז געגאנגען מיט'ן פרעזידענט פון דער קארפאראציע ביז אין האט זעהר פיין אויפגעהויבען זיין דונקעל-בלויע היטעלע.

— דאָס איז ער!

— אָט דער ערשטער?

— וועלכער? דער מיט בילק'ן?

— יאָ, יאָ!

אָט דאָס איז ער, הייסט עס, דער דאָזיגער קאַרלבורגער קרוינפּרינץ! דער גלענצענדסטער „פוקס". וואָס די קאָרפּאָראַציען „סאַקסאָניע" האָט געהאַט זינט זי עקזיסטירט. אַן'אמת'ער קרוינ־פּרינץ!

יאָ, די „סאַקסאָניע" האָט מזל. מען קאָן נישט זאָגען, אַז די איבעריגע קאָרפּאָראַציעס זאָלען איהר מקנא זיין, דאָך וואָלט יעדער פון זיי געוועזען זעהר אנגענעהם צו האָבען דעם קרוינפּרינץ צווישען איהרע מיטגליעדער.

ער האָט זיך פערנייגט אויף אַלע זייטען, אַזוי ווי די בע־גריסונגען, מיט וועלכע די סטודענטען האָבען די קאָרפּאָראַציע בעגעגענט, וואָלטען געוועזען נאָר פּערזענליך פאַר איהם. ווייזט אויס, ער איז געוועזען אַ ביסעל פערלעגען און האָט נאָך נישט גע־וואוסט, ווי ער דאַרף זיך האַלטען צווישען די דאָזיגע „פּשוטע בשר ודם'ס".

פּלוצלונג...

יאָ, נישט אַנדערש, די דאָזיגע קעטי איז פון זינען אַראָב

אַלע האָבען זיך צונויפגערוקט, די העלזער אויסגעצויגען.

זי איז צו'ם פּרינץ צוגעגאַנגען און איהם בּיידע הענד אויס־געשטרעקט!

איבעריגענס, זי מוז איהם שוין געוויס קענען: ער וואָהנט דאָך ביי די דערפעל'ס.

און דער פּרינץ איז רויט געוואָרען איבער די אויערען ערשטוינט פון איהר מוטיגקייט האָבען דעם פּרינצענס נייע פריינד זיי אַרומגערינגעלט אין אַ ענגען קרייז.

— ענטשולדיג, קעטי! — האָט בילק געזאָגט און אָהנמוטיג געפּרובט זי ציהען אָן אַ זייט, נאָר זי האָט אויף איהם אפילו קיין אַכט נישט געלעגט.

— אָט אַזוי איז גוט, — האָט זי געזאָגט, און איהרע אויגען

האָבען אַ בּלִיץ געטהון, — אָט אַזוי איז גוט, וואָס איהר זענט געקומען אַהער צו אונז. — זי האָט זיך אומגעקוקט, דערזעהן אַרום זיך בּילץ'ן, דעם קליינעם גראַף מיניסטער, גרעבעניץ'ן, און האָט אויסגעשריען: — הייסט עס, ער געהערט צו אייער קרייזעל!

קאַרל-היינריך האָט געפֿיהלט, אַז די דאָזיגע אַלע נייע חברים זיינע, וועלכע ער איז נאָך אַ פֿרעמדער געווען, האָבען געקוקט אויף איהם פֿערוואונדערט, אַז דער דאָקטאָר איז געווים אויסער זיך פֿאַר כּעס, אַז דאָס אַלץ... אַז ער... אַז זי... נאָר איהרע קליינע וואַרימע הענדטלעך האָבען איהם נישט אָבגעלאָזט. ער האָט דערפֿיהלט אַזוי ווי אַ שטראָם פֿון לעבענס-קראַפֿט און האָט אַלץ פֿערגעסען. ער האָט נישט געהערט דעם אָרקעסטער, וואָס האָט לויט קעלערמאַנס אַ צייכען געשפּילט פֿון זיין כּבוד וועגען דעם נאַציאָנאַלען הימנוס, ער האָט נישט געזעהן די אַרום איהם שטעהענדע פּערזאָנען. ער האָט נאָר געזעהן די דאָזיגע דונקעלע אויגען, וואָס האָבען געקוקט אויף איהם מיט אַ שמחה פֿון אַ קינד און אַ ליידענשאַפֿט פֿון אַ פֿרוי.

דאַן האָט ער זיך געזעצט צו'ם טיש, אייגענטליך נישט צו אַ טיש, נאָר עפּעס צו אַ נישט אָבגעהיבּעלטער ברעט, און גענומען אַ קופּעל ביער. מען האָט אָנגעהויבּען רעדען צו איהם, ער האָט געענטפֿערט, געטרונקען, געזונגען אַ סטודענטיש ליעדעל, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט פֿון אַ בּוך און וואָס איז אַלעמען בּעקאַנט געווען, געלאַכט, געענטפֿערט אויף די פֿראַגען, נאָר דאָס אַלץ האָט ער געטהון אַזוי ווי אין חלום.

איינער נאָכ'ן צווייטען זענען צוגעגאַנגען צו איהם די קאָלעגען פֿון זיין קאָרפּאָראַציע, אָנגעשטויסען זיך מיט איהם מיט די קופּעלס, געטרונקען ברודערשאַפֿט און געזאָגט איהם „דו“ — איהם איז דאָס מאָדנע געווען צו הערען. די מוזיקאַנטען האָבען געשפּילט עפּעס אַ מעלאָדיע, וואָס האָט זיך איהם אויסגעוויזען נישט האַרמאָניש, נאָר דערנאָך האָבען די אַלע ליעדער אָנגעהויבּען קלינגען עפּעס ווייכער, האַרציגער, און געדוכט האָט זיך איהם, אַז ער האָט זיי שוין געהערט אַ מאָל, לאַנג-לאַנג, אַז דאָס אַלץ זענען לאַנג בּעקאַנטע ליעבע-געזאַנגען. טיילמאָל האָט

ער אַ קוק געטהון אויפֿ'ן דאָקטאָר, וואָס איז געזעסען ווײַט פֿון איהם, פֿערניכטעט אָהן אַ שיער ביער און זיך ווײַזט אויס געפֿרעהט פֿון גאַנצען הארצען. טײַלמאָל איז פֿאַר איהם פֿערבײַגעגאַנגען קעטי, אָדער ער האָט אַלײן אויפֿגעזוכט איהר קלײנע פֿיגור צווישען די שורות טישען, און זײערע בליקען האָבען זיך נישט ווילענדיג בעגעגענט.

דערנאָך איז אָנגעקומען דער אָווענד, דאָס שלאָס אויפֿ'ן באַרג איז אײַנגעטונקט געוואָרען אין פֿינסטערניש. אין די הײַזער פֿון הײדעלבערג אויף יענער זײַט נעקאַר האָבען זיך פֿײַערלעך אָנגעצונדען. רידער און די דינער האָבען אָנגעצונדען די לאַמפּיאָנען, וואָס האָבען זיך געשאָקעלט אויף די צווײַגען פֿון די בוימער איבער די טישען. די גרינקײַט פֿון גראָז און די בוימער, די העלע פֿאַרבען פֿון די סטודענטישע היטעלעך, דער אונגלײַבער שימערענדער שײַן פֿון די לאַמפּיאָנען, דאָס אַלץ האָט זיך צוגויפֿגעגאָסען אין אַ וואונדערבאַרע פֿאַרבען-סימפֿאָניע.

קאַרל ביליץ, וואָס איז געזעסען נעבען קאַרל-הײנריך'ן, — אַ בלאַסער יונגער מאַן מיט מעלאַנכאָלישע וואָנסעס, ער איז געווען דער בעסטער קעמפּפֿער פֿון „סאַקסאָניע", און צווישען די רויט געוואָרענע סטודענטען איז ער ענהליך געווען צו אַ איבערגעקלײדט מעדעל, — האָט זיך שטילערהײד אָבגערופֿען צו'ם פּרינץ:

— ווילסט זיך אפשר אַביסעל דורכשפּאַצירען

— מיט פֿערגניגען.

זײ זענען דורכגעגאַנגען דורך די שורות טישען און אַרויס דורך דעם נידריגען, שלעכט בעלויכטענעם קאָרידאָר אויפֿ'ן גאַס אַרויס. בײַ'ם גאָרטען-צוים זענען געשטאַנען קלײנע יונגלעך, מעדלעך און ערוואַקסענע מעדלעך און געהערט די מוזיק. זײ זענען געגאַנגען מיט פּאַמעליכע טריט, ווײַטער איז שוין קײנער נישט געווען. שטיל איז געווען אַרום, נאָר זעלטען האָבען זײ זיך בעגעגענט מיט פֿערליבטע פּאָרלעך. די לבנה איז נאָך נישט אַרויס, אויפֿ'ן גאַס איז געווען פֿינסטער, און וואָס ווײַטער זײ זענען אַוועק, אַלץ שטילער זענען געוואָרען די קלאַנגען פֿון אָרקעסטער, וואָס האָבען זיך געהערט. ערגעץ אויף רעכטס

האָבּען אָנגעהויבּען שנאַטערען די גראָז־שפּרינגען, פרעש האָבּען אָנגעהויבּען קוואַקען.

— געפעלט דיר היידעלבּערג?

דאָס איז געווען אַ פּוסטע פראַגע, נאָר עפּעס אַ אומבּעקאַנט־זים געפיהל האָט דעם פּרינץ בּעהערשט.

— דיר!

ער האָט אַ חאַפּ געטהון בּילי'ס הענד און זיי געדריקט היים, מיט'ן גאַנצען הארצען: ער האָט דאָך קיינמאָל קיין פריינד ניט געהאַט!

דער סטודענט איז געווען גערירט. ער האָט נאַטירליך ניט פערשטאַנען די סיבּה פון דעם דאָזיגען הייסען דרוק, ער האָט ניט פערשטאַנען, אַז דעם פּרינצענס הארץ איז געווען דור־שטיג צו אַ פריינדשאַפטליכען מיטגעפיהל, אַז ער שטרעבּט זיין הארץ צו עפענען, נאָר דאָך איז ער געווען ערשטוינט, גערירט.

דער פּרינץ האָט זיך אויפגעפיהרט מיט איהם ווי מיט אַ אַלטען פריינד!

זיי האָבּען צוריקגעקעהרט צו רידער'ן. דאָרט זענען די סטודענטען געוואָרען נאָך פרעהליכער. פריינדליכע, שמייכלענדע געזיכטער האָבּען דעם פּרינץ אַרומגערינגעלט און יעדער פון די נייע חברים האָט צו איהם לחיים געטרונקען.

— לחיים דיר, קאַרל־היינריך!

— לאָ'מיר טרינקען, קאַרל־היינריך!

און ער האָט געלאַכט, אָנגעשטויסען זיין קופעל אָן זייערע און געטרונקען.

איצט האָט איהם דאָס דאָזיגע „דו" שוין מעהר ניט גע־בּראַכט אין פערלעגענהייט; און די סטודענטען האָבּען זיך בּע־צויגען צו'ם פּרינץ אַזוי ווי צו זייערען אַ קאָלעגע, און ער אַליין האָט זיך שוין אויך מעהר ניט געשעמט פאַר זיי.

— מאָרגען וועלען מיר געהן פעכטען, קאַרל־היינריך!

— גוט.

— ר ו וועט דיך דרעסירען.

— ווער איז דאָס אַזוינער?

— ־ער פּעבּט־לעהרער

— גוט.

— דו ווערסט געהן אויף די לעקציעס?

— יא, איך וועל הערען די אינסטיטוציעס און פּאַנדעקטען,

— אַח, נאַרישקייטען!

און מען האָט איהם לאַבּענדיג ערקלערט, אַז אין מאָנאַט מאַי געהט קיינער נישט אויף די לעקציעס. ער האָט געשמייכעלט און כלומר'שט אויפמערקזאַם צוגעהערט צו די ערקלערונגען פון די סטודענטען, וואָס האָבען זיך איינער דעם צווייטען איבער־געשלאָגען, נאָר אין אמת'ען איז ער נישט דערמיט געווען בע־שעפטיגט. אין דער דאָזיגער וואַרימער זומערנאַכט האָט ער דערפיהלט עפּעס אַ קאַלטען בלאָז, עס האָט איהם אָנגעחאַפּט אַ פאָרגעפיהל, אַז עפּעס אַ גראָבע, אייזערנע קראַפט וועט זיין גליק צעשטערען. דאָרט, אין דעם פינסטערען קאַרלבורגער שלאָס, איז געזעסען דעריעניגער, וואָס האָט איהם אַהער געשיקט זיך צו לערנען. „דאָס יאָהר אין היידעלבערג דאַרף זיין האָהייט פער־ברענגען נישט אין פערגניגען, נאָר אין אָנגעשטרענגטע און ערנ־סטע וויסענשאַפטליכע אַרבייט״.

ער האָט דערשראָקען אַ קוק געטהון אויפ'ן דאָקטאָר, וואָס איז געשיקט געוואָרען אַהער אַכטונג צו געבען, אַז דעם פיר־שטענס ווילען זאָל גענוי ערפילט ווערען, נאָר דער דאָקטאָר איז געשטאַנען איבער אַ גרויסע שיסעל און אין יעדער האַנד געהאַל־טען אַ פלעשעל ווייַן, און ער האָט פּאַמעליך דעם ווייַן אין שי־סעל געגאָסען.

— ניין, ציטרין טויג נישט צו לעגען אַהער! — האָט ער אויסגעשריען אין אויפרעגונג, און ווען עמיץ פון דערבייאיגען טיש האָט איהם געוואָלט אָבענטפערן, האָט ער אַ זעץ געטהון מיט דער פלאַש אָן טיש, און רויט פאַר אויפרעגונג האָט ער אַ געשריי געטהון: — דונערוועטער, טויזענדער מאָל האָב איך אין קאַרלבורג פונש געמאַכט! לאָזט מיך, איך ווייס שוין בעסער, ווי מען מאַכט עס!

יענעם אָוועגד איז הערר לוץ אין דער היים געזעסען און

געוואָרט, ווען זיין האָהייט וועט צוריקקומען

ביי'ם אַוועקגעהן האָט דער פּרינץ געזאָגט צו איהם:

— איך וועל וואַהרשיינליך נישט צוריקקומען פריהער ווי עלף. אויב איהר ווילט, לוץ, קאָנט איהר געהן טרינקען אַ גלאָז ביער.

לוץ האָט טאַקי אַזוי געטהון, דאָס הייסט ער האָט זיך געבראַכט רויטען וויין, וויל קיין ביער האָט ער נישט געקאָנט אָנקוקען. דער וויין איז געווען נישט שלעכט און לוץ'ס שטימונג האָט זיך שטאַרק פערבעסערט און ער האָט זיך שוין אָנגעהויבען בעציהען צו אַלעם פיעל רוהיגער און וויכער.

„גלייכער אויסצומיידען שאַרפע סקאַנדאַלען. — האָט ער געקלערט, — לאָ'ם איך שוין בלייבען דאָס יאָהר אין דער פער־פלוכטער היידעלבערג. לאָ'ם איך האָפען, אַז דאָס דאָזיגע יאָהר וועט דורכלויפען אונבעמערקט און איך וועל צוריק פאָהרען אין קאַרלבורג, וויעדער נעהמען לעבען ווי פריהער און אַלץ וועט זיין אין אָרדנונג".

האַלב עלף האָט ער אין די צימערען אָנגעצונדען די לאָמ־פען, צוגערוימט דעם שלאָפצימער פון זיין האָהייט און אָנגע־הויבען קוקען אין פענסטער. ער איז נאָך נישט שטאַרק מיעד געווען. דאָך האָט ער שוין פון צייט צו צייט אַ געניץ געטהון.

וואָס אַנ'אמת, זיין האָהייט האָט שוין געמעגט אַ היים קומען עלף דער זייגער.

יאָ, דער קאַמערדינער פון די אַלערהעכסטע פערזאָנען — דאָס איז נישט קיין קלייניגקייט פון אַ פערזאָן. בשעת זיין האָהייט דער פירשט האָט אַרומגערייזט אין די אויסלענדישע הויפען, האָט זיך לוץ בעקאַנט מיט פיעל פון זיינע קאָלעגען, ווי צום ביישפיעל ראָזאַנאָוו, קראָל, ביטינגספעלד. וואָס אין זיירע הענד איז אייראָפּאַ'ס שיקזאַל געלעגען. מערקווירדיגער פון אַלעמען איז געווען ראָזאַנאָוו. וואָס פאַר אַ בעדייטענדער מענש! אויסגעזעהן האָט ער ווי אַנ'אמת'ער גענעראַל, און ווען ער האָט אָנגעטהון זיין אָרדען מעדזשידיע איז ער שרעקליך עהנליך געווען צו אַ רו־סישען געהיימראַט. אָדער צום ביישפיעל בערנגוט, דער ערשטער

קאמערדינער פון זיין האהייט דעם קאבורגער הערצאג. וואס פאר א ליבער, צוויבערהאפטער הערר, וואס פאר א פריינדליכער, שארפזיניגער! ווי ער איז זיך מיט חסד בעגאנגען מיט די ניעדריגערע פון איהם און ווי פריי האט ער זיך געהאלטען צווישען די גרויסע פון דער וועלט! אדער לא'מיר נעהמען לעגראנען, וואס האט זיך אנגעקליבען העכער א מיליאן, אדער ענדליך שעפער'ן, וואס האט געהאט א אונגעהויערען ערפאלג ביי פרויען — אפילו פון העכסטען קרייז. דאס זענען אלץ מענשען!

— האלבע נאכט.

הערר לוץ איז אויפגעשפרונגען פון שטוהל, וואס איז נעבען פענסטער געשטאנען. ער האט זיך אנגעשפארט מיט דער האנד אן הארטען הוסאק און איצט האט איהם שוין דער קאפ וועה געטהון. אבער וואס קאן דאס זיין, דונערוועטער! שוין איינס, און ער איז נאך נישטא! וויבאלד ער האט געזאגט, אז ער וועט קומען אום עלף, האט ער געדארפט האלטען ווארט! א קיהל נאכט-ווינדטעל האט זיך דורכ'ן אפענעם פענסטער אריינגעריסען און הערר לוץ האט א הוסט געטהון. ער האט אביסעל געדרעמעלט ביי'ם פענסטער און איצט איז ער שוין זיכער צוגעקיהלט.

ער איז ארומגעגאנגען הין און צוריק איבער די צימערען, מיעד, פערדראסיג, ביז אויף דעם קירכען-טהורם האט ענדליך אויסגעשלאגען צוויי.

פלוצלונג האט איהם בעהערשט א האסטיגער שרעק: עפעס איז זיכער געשעהן! מען האט דעם פרינץ ערמארדעט! ניין, דאס האט נישט געקאנט געשעהן; נאר דאך האט איהם אנגעהאפט א אונרוהיגקייט, וואס ער איז נישט אימשטאנד געווען צו דערשטיקען. ער האט גענומען איינעם פון די אלטמאדישע לייכטער און איז אין קארידאר ארויס.

„איך וועל אויפוועקען די ווירטין — האט ער א טראכט געטהון, — מיר איז אליין לאנגווייליג צו זיצען, זאל זי אונטערזיצען מיט מיר". ער האט אנגעקלאפט אין טהיר פון פרוי דערפעל, דערנאך האט ער אנגעהויבען צו האקען אין טהיר מיט די פויסטען, נאר קיין ענטפער האט ער נישט בעקומען. ער האט

עטוואָס די טהיר אַ דריק געטהון, און זי האָט זיך געעפענט: איך צימער איז קיינער נישט געווען! די בעטען פון דער ווירטין און פון יענעם מעדעל זענען געווען לעדיג! און דאָס איז אום האַלב דריי! וואָס פאַר אַ סקאַנדאַל!

אין ווינקעל האָט זיך עפּעס אַ רודער געטהון, — דאָס איז געווען אַ קאַץ, נאָר דער דאָזיגער לייכטער שאָרך האָט דעם הערדן לוץ אַזוי איבערגעשראָקען, אַז ער איז בלאַס געוואָרען ווי די וואַנד. ער האָט צוגעקלאַפּט די טהיר און איז אין קאָרי־דאָר אַרויס. אין שטוב איז קיינער נישט געווען, אין גאַנצען הויז איז ער געווען איינער אַליין.

ווען דער זייגער האָט אויסגעשלאָגען פיער האָט זיך לוץ זעהר שלעכט געפיהלט. ער איז געזעסען שטאַרק בלאַס די ליפּען האָבען לייכט געציטערט, דער קאָפּ איז געווען שווער, די אויגען זענען זינבענלאָז געווען אויסגעגלאָצט אין די ווייטקייט. ער האָט שוין וועגען קיין זאַך נישט געקאָנט קלערען, ער האָט נאָר איינס געוואוסט, אַז ער, דער קאָמענדיר פון זיין האָהייט דעם זאַקסען־קאַרלבורגער פירשט, איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אין אַזאַ ערניעדריגענדער און נאַרישער לאַגע.

ער האָט געזעהן, ווי די אויפגעהענדע זון האָט בעשיינט מיט איהרע נאָך בלאַסע שטראַהלען דעם שוואַרצען דאַך פון דער קירכע און ווי דער פריהמאָרגען האָט ביסלעכווייז אויפגעלויכטען. אין דרויסען האָבען די שפּערלינגס אָנגעהויבען צוויטשערן.

— לוץ, אַ לוץ!

עמיץ האָט זיך צו זיין פּלייצע צוגעריהרט און ער איז אויפ־געשפּרונגען. ער האָט געהאַט איינגעדרעמעלט און איצט האָט ער נאָך נישט פערשטאַנען, וואָס דאָ טהוט זיך, און האָט זיך די אויגען געריבען.

— גוט וואָס איהר זענט זיך אויסגעשלאָפען, לוץ, — האָט דער פּרינץ בעמערקט, — איך בין צוריקגעקומען שפּעט, אָדער ריכטיגער פריה, — און וועהרענד ער האָט זיך געווענדעט עפּעס צו אַ גאַנצער מענגע מענשען, וואָס האָבען דעם צימער אָנגע־פילט, האָט ער צוגעגעבען: — איך האָב די עהרע אייך פאָרצו־

שטעלען מײַן טרײַען קאַמערדינער לוץ.

לוץ איז געווען אַ מענש, וואָס דאָס הויף־לעבען האָט איהם שוין לאַנג אָבגעוואוינט זיך אויף עפּעס צו וואונדערן, נאָר דאָס מאָל האָט ער נישט אויסגעהאַלטען. ער האָט ערשטוינט געזעהן, אַז אומעטום, אויף אַלע שטוהלען, סאָפעס, אויפ'ן פּיאַנינאָ, אויף די פענסטער זענען געזעסען עפּעס מענשען אין סטודענטישע היטעלעך און קאָלירטע בענדער. עמיץ האָט אויפ'ן פּיאַנינאָ אָנגעהויבען שפּילען אַ ליעדעל פון „מאַדאַם אַנגאָ" — דאָס איז געווען דער ראַט, ווי דער קאַמערדינער פון זײַן האָהײַט האָט זיך אַביסעל שפּעטער איבערצײַגט, דרײַ אונגעהויערע הינד האָבען זיך אונטער לוץ'ס פיס אַרומגעדרעהט און אַלץ בעשמעקט, אַלע האָבען גע־לאַכט, געראָוישט, גערויבערט און צווישען דער דאָזיגער מערדע־רישער באַנדע איז געשטאַנען „יענץ" מעדעל, אַרויסגעשטעלט איהרע צייהן און געפרעגט לאַכענדיג:

— איז, הײַסט עס, זיבצעהן גלעזלעך קאַווע! ריכטיג? צעהלט איבער!

קאַרל־הײַנריך האָט איבערגעצעהלט.

— ריכטיג, זיבצעהן. לוץ, איהר ווערט העלפען פרײַלין קעטי אונז צוגרײַטען קאַווע. געהט מיט איהר אין קיך אַרײַן.

און לוץ איז געגאַנגען.

ער איז געווען געכצליך דערשלאָגען און האָט שוין קיין ווי־דערשטאַנד נישט געקאָנט אַרויסווײַזען.

— גוט, וואָס איהר זענט זיך אויסגעשלאָפען, לוץ. — האָט איהם דער פּרינץ געזאָגט. אַ, ווען ער וואָלט געוואוסט די שרעקליכע ווירקליכקײַט!

— נעהמט נאָר אָט די בלויע גלעזלעך פון טאַץ, אָט אַ־די, — האָט קעטי געזאָגט צו איהם.

און ער האָט זיי גענומען.

קאָניאַק האָט מען געבעטען, ער האָט געבראַכט קאָניאַק. געהײַסען ברענגען ציגאַרען, האָט ער געבראַכט ציגאַרען. די הינד האָט מען געדאַרפט אָנטרינקען: האָט ער זיי אַרײַנגערופען אין קיך אַרײַן און זיי וואַסער געגעבען. איין הונד האָט אין קאָ־

דיראר אויף איהם א ביל געטהון , און הערר לוץ האט געזאגט אונטערטעניג ווי א הייליגער :

— צעביים מיך חאטש ביז צו'ם טויט , איצט איז מיר שוין אלץ איינם .

זעקס דעם זייגער אין דער פריה איז לוץ. ווידער געבליבען אליין. דער פרינץ , דער דאקטאר , די סטודענטען , די הינד , אלע זענען מיט נערויש און געפילדער אין גאס ארויסגעשפרונגען און די צימערען האבען איצט אויסגעזעהן ווי א פערלאזען שלאכט-פעלד . אומעטום זענען געווען אנגעווארפען רעשטלעך פון ציגארען , אש , אין מיטען זאל האט זיך געוואלגערט א לעדיגע פלעשעל פון קאניאק , אויף די טישען און שטוהלען זענען געווען אנגעווארפען גלעזלעך און פלעשער , איין שטוהל איז געווען צעבראכען און אין דער גאנצער וואהנונג פון פרינץ איז פון די אויסגערויכערטע ציגארען געשטאנען אזא געדיכטער רויך , אז לוץ'ן האט דער קאפ גענומען וועה טהון .

— מיר פאהרען אין שלאס , — האט קארל-היינריך געזאגט , — אויף צוועלף וועל איך צוריקקומען אהיים , און דאן וועל איך זיך אויף א שטונדע צולעגען .

אלמעכטיגער גאט , דאס האט נאך געפעהלט ! דער פרינץ איז היינט עם געווארען א הולטאי , און ער , לוץ , איז דער קאמער-דיענער פון א הולטאי !

און יעדען טאג וועט זיין דאס זעלבע ! יעדען טאג וועט דער פרינץ אהיים קומען אין דער פריה און ער וועט דארפען ווארטען אויף איהם און זיך נישט לעגען שלאפען ! ...

און הערר לוץ האט אין אהנמעכטיגען כעס נעסטראשעט מיט'ן פויסט געגען דער פון זון בעגאסענער שטאדט :

— א , פערפלוכט זאל זיין דאס גאנצע היידעלבערג !

# פינפטעס קאפיטעל.

אין איין שענעם טאג האט מען קארל-היינריך'ן געבראכט אהיים מיט א צעבלוטיגטען קאפ און א צעהאקטער באק , און ער

האָט אויסגעזעהן אַזוי שרעקליך, ווי עס זעהען געווענהנליך אוים די נייע סטודענטען נאָך דעם ערשטען דועל.

דער דאָקטאָר איז שטאַרק איבערגעשראָקען געוואָרען.

ווי, אויב מען ווערט זיך ווענען דעם דערוויסען אין קאַרלסבורג? וואס וואָלט געווען, ווען מען וואָלט זיך דאָרט דערוואוסט אַלץ, אַלץ? אַז דער פּרינץ בעזוכט קיינמאָל נישט די לעקציעס! אַז נישט לאַנג צוריק איז ער געווען אין מאַילאַנד, וואו ער האָט אָנגעמאַכט שרעקליכע חובות! אַז ער האָט אַ ליעבעס-געשיכטע מיט אַ קעלנערין, וואָס גאַנץ היידעלבערג ווייסט ווענען דעם! שרעקליך, שרעקליך!

נאָר די דאָזיגע לעצטע אוואַנטורע האָט שוין פול געמאַכט די מאָס.

דאָס איז דאָך אַ אמת'ער סקאַנדאַל! אַלץ איז אָבגעמאַכט געוואָרען הינטער זיין רוקען, ער, דער דאָקטאָר, האָט ווענען קיין זאַך נישט געוואוסט.

ער איז ווי משוגע אַריינגעלאָפען אין פּרינצענס צימער.

— אייער האָהייט!

— דאָקטאָר?

— פאַר מיר איז דאָס שוין גענוג!

— וואָס איז?

— איך זאָג מיך אָב פון מיין שטעלע. נאָך היינט שרייב איך אין קאַרלבורג.

— אָבער, דאָקטאָר...

— גוט, גוט! געווים בין איך אַליין אויך שולדיג, נאָר צוקוקען זיך צו אַזעלכע מעשים וויל איך נישט מעהר! אָ, הלואי וואָלטען מיר אַהער גאָרנישט געקומען צופאָהרען! דאָ האָב איך, אַ מענש אַ מאָלידער, געגצליך מיינע פּליכטען פערגעסען! מיר זענען געקומען צו פאָהרען אַהער כדי זיך אָבצורוהען און אָנזאַמלען פרישע קרעפטען, און צו'ם סוף פיהרען מיר גאָר ווייסט דער טייוועל וואָס פאַר אַ לעבען. דאָס דאָזיגע לעבען ווערט מיך נאָך אין קבר פיהרען, טהוט נאָר אַ קוק אויף מיר! ווי זעה איך אוים? שענערע פאַר מיר לעגט מען אין דער ערד אַריין!

ווירקליך האט ער אויסגעזעהן נישט איבריגענס, און קארל־היינריך האט אין הארצען דערפיהלט אויפריכטיגע מיטלייד מיט איהם.

— טייערער דאקטאר, איהר טארט אזא ארט לעבען נישט פיהרען: איהר מוזט זיך אבהיטען. עפטער שפאציערען געהן און וועניגער שלאפען.

נאר קיין זאך האט דעם דאקטאר אזוי נישט אויפגעבראכט, ווי ווען א זייטיגער מענש האט זיך וועגען זיין אייגענער פערזאן בעזארגט.

— איך רעד נישט וועגען זיך, אייער האהייט, איך רעד וועגען אייך. איהר טארט נישט און איהר וועט מעהר נישט וואגען אזא לעבען צו פיהרען. איך זאג מיך אב פון מיין שטעלע. אזא קראנקער מענש ווי איך, וואס האט שוין נישט צו לעבען אפילו קיין פינף יאהר, אפילו דריי, אפילו צוויי און אפילו איין יאהר, טאר נישט שפיעלען די ראלע פון א ערציהער, און בפרט נאך אין היידעלבערג. — נאר דאן האט זיך זיין פלוצלונגע אויפרעגונג מיט אמאל איינגעשטילט: — אח, קארל־היינץ, צו וואס זענען מיר געקומען צו פאהרען אהער!

א גאנצען טאג און די נאכט נאך דעם דאזיגען טאג איז דער דאקטאר פערוואנדעלט געווארען אין א בארמהערציגע שוועסטער; ער איז די גאנצע צייט נעבען פרינץ געזעסען און האט ווידער בעקומען א וואוילע שטימונג נאכדעם ווי ער האט אויסגעטרונקען עטליכע פלעשער וויין.

— דאס איז שרעקליך, — האט ער פרעהליך געזאגט, — וואס א גוטע שטימונג קאן אויפגעהאלטען ווערען נאר מיט דער הילף פון אלקאהאל.

ער האט נאך איינינע מאל געפרובט ביי'ם פרינץ דאס געוויסען אויפצוועקען, נאר אלץ אומזיסט. אין די עטליכע מאנאמען האט זיך קארל־היינריך שארף אומגעביטען אי אין חאראקטער, אי אין זיין אויסערליכען אויסזעהן. זיין טריט איז געווארען פעסט, אויפ'ן געזיכט האט זיך בעוויזען א אויסדרוק פון ענערגיע און די שראמען האבען איהם צוגעגעבען א קריגערישען חן. אין

גאנץ היידעלבערג איז נישט געווען אזא פערצווייפעלטער סטודענט, אויסער אפשר דעם לאנגען „זאקסען-פרייס" ווערעל, נאר אין אלע זיינע שטיקלעך און שטיפעריי'ען איז קארל-היינריך געבליבען „גראן סעניער" (גרויסער העדר, אריסטאקראט). אפילו בשעת די ווילדעסטע חוליאנקעס איז ער שטענדיג געשטאנען ווי מיט א גאנצען קאפ העכער פון אלע סטודענטען.

און אט דעריבער איז דער דאקטאר דער ערציהער אריין און א פאלשע לאגע: אין אמת'ען איז נישט ער געווען דעם פרינצענס ערציהער, נאר פערקעהרט, דער פרינץ איז געווען זיין ווערטער.

פונקט אום ניין אוהר האט דער דאקטאר געמוזט אויפשטעהן, פונקט צוועלף זיך לעגען, צוויי שעה אין טאג האט מען איהם געצוואונגען צו שפאציערען, נאר ליידער האט די דאזיגע ענערגישע קוראציע אביסעל פערשפעטיגט. דאס האט מען געדארפט אנהויבען נאך מיט עטליכע מאנאטען און אפשר א יאהר פריהער

— אזוי, אזוי, קארל-היינריך, מושטיר מיך, — פלעגט דער דאקטאר אפט זאגען, אדער נאך עפטער פלעגט ער אויפגערעגט ווערען. — לאז מיך לעבען אין פערגניגען די דאזיגע לעצטע יאהרען! חאפט עס דער טייוועל! איך וויל נישט מעהר שפאצירען געהן, איך בין מיעד! קעטי, א פלעשעל ווייך!

נאר דער פרינץ האט איהם ליעבליך איינגערעדט:

— פארווערטס, דאקטאר, פארווערטס! פאר אייך איז שעדליך צו פיעל צו זיצען! לא'מיר געהן צוזאמען שפאציערען!

נאר נאך איידער מען האט זיך געריכט איז אנגעקומען די צייט, ווען דער דאקטאר איז פטור געווארען פון די אלע שפאצירגאנגען, וואס האבען איהם אזוי אויפגעבראכט. אין איין שענעם טאג איז לויט קארל-היינריך'ס בעפעהל איינגעלאדען געווארען דער געהיימראט פראפעסאר פאן מיחאעליס, און אהן לאנגע טענות האט ער דעם ראט געהייסען אבפיהרען אין קליניק אריין.

דארט האט מען איהם אבגעגעבען א בעקוועם צימערל מיט א גרויסען באלקאן. אויפ'ן באלקאן איז געשטאנען א בעקוועמע

סאָפֿע, אַ רויבער־טישעל און בכלל אַלץ, וואָס איז נויטיג געוועזן צו יוטנער'ס גליק. און אָט אויף דער סאָפֿע האָט ער איצט גאַנצע טעג פֿערבראַכט און זיך אויף דער זון געוואָרימט. קאַרל־היינריך און די סטודענטען האָבען איהם בעזוכט, ער האָט געטרונקען, געראָויכערט, געשפּיעלט אין קאָרטען און זיך געפֿיהלט גאָר וואויל ווי נאָך קיינמאָל נישט.

— דאָ וועל איך געזונד ווערען — האָט ער געזאָגט, — איך פֿיהל דאָס.

דער פּראָפֿעסאָר האָט איהם פֿערבאָטען צו טרינקען ביער און עסען קאַרטאָפֿעל, און אַזוי ווי יוטנער האָט נישט שטאַרק ליעב געהאַט אי ביער אי קאַרטאָפֿעל, און אַנשטאָט ביער איז איהם שטענדיג בעסער געפֿעלען אַ זופּ גוטען ווײַן, דעריבער האָט ער דעם דאָקטאָרס פֿאָרשריפֿטען שטרענג געפֿאָלגט.

אייגענטליך וואָלט ער גאַנץ רוהיג געקאָנט טרינקען ביער און עסען קאַרטאָפֿעל אויך, עס איז אָבער בעוואוסט, אַז קראַנקע פֿערליערען יעדע האָפֿנונג געזונד צו ווערען, אויב מען זאָל זיי נישט עפּעס פֿערביטען.

קאַרל־היינריך איז געוועזן שטאַרק צעטראָגען: זיין פֿרעהליך לעבען אין היידעלבערג איז פֿערדונקעלט געוואָרען דורך דעם דאָקטאָרס קראַנקהייט. און וועהרענד דער דאָקטאָר, וואָס האָט נאָך נישט געוואוסט, אַז ער האָט נאָך צו לעבען נאָר געצעהלטע טעג, האָט ערשטוינט די דאָקטוירים מיט זיין לעבענס־פֿריידיגער שטימונג, איז דער פּרינץ אַרומגעגאַנגען פֿערפֿינסטערט, פֿערזונקען אין זיך אַליין.

ער האָט גאַנצע טעג פֿערבראַכט אויפֿ'ן באַלקאָן, נעבען דאָקטאָר, אַזוי ווי אויף איהם וואָלט אַ הייליגער חוב געלעגען צו בעשעפֿטיגען דעם דאָקטאָר, ביז יוטנער אַליין האָט זיך איין מאָל אויף איהם צעבייזערט:

— וואָס דרעהסטו זיך דאָ שטענדיג אַרום נעבען מיר, — האָט ער איהם בעמערקט. ער פֿלעגט איהם ווי פֿריהער זאָגען „דו” ווען ער איז געוועזן אָדער אין אַ גאַנץ גוטער אָדער אין אַ גאַנץ שלעכטער שטימונג. — ווייסט דער טייוועל, דוכט זיך, איך

שטאַרב דאָך נאָך ניִשט! טהו מיִר אַ טובה און לעֶבּ דיִר זהֵ, פריִהעֶר, לויף אַרום, מאַך זיִך לוסטיִג. נאָר דרעֶה מיִר ניִשט אָן קיין טרויעֶריִג פנים, פונקט וויִ איִך וואָלט שוין געֶהאַלטעֶן פאַר׳ן טויט.

דעֶר פריִנץ איִז געֶוועֶן אַזוי עֶרשטוינט, אַז עֶר האָט ניִשט געֶוואוסט וואָס צו עֶנטפעֶרן; איִבּריִגעֶנס, דעֶר דאָקטאָר האָט איִהם גאָר קיין צייט ניִשט געֶגעֶבּעֶן אויף צו עֶנטפעֶרן.

— מיין טייעֶרעֶר קאַרל=היינץ, דו פעֶרבּרעֶנגסט אויף אומ־זיסט דאָס טייעֶרסטעֶ, וואָס אַ מעֶנש פעֶרמאָגט — די צייט, די יוגעֶנד! ניִשט שטעֶנדיִג וועֶסטו דאָך קאָנעֶן זיִך לוסטיִג מאַכעֶן איִן הײַדעֶלבּעֶרג מיִט די גוטעֶ פריינד און מיִט דעֶר דאָזיִגעֶר וואוילעֶר קעֶטיִ! נאָך איידעֶר דו וועֶסט זיִך אַרומקוקעֶן, וועֶט שוין דאָס יאָהר זיין פעֶרבּיי. יעֶדעֶ שטונדעֶ, וואָס דו פעֶרבּרעֶנגסט אויף גאָרניִשט, איִז פעֶרלאָרעֶן, אַלץ איינס ציִ דו בּיִזט אַ פריִנץ אָדעֶר אַ פשוט׳עֶר בּשר ודם. גיִעֶם מיִר נאָר אָן, איִך בּעֶט דיִך, אַ בּיִסעֶל וויין... דאָס פלעֶשעֶל שטעֶהט דאָרט איִן וויִנקעֶל. איִך בּיִן אויך געֶוועֶן יונג, אויך געֶמיינט, אַז איִך וועֶל נאָך בּעֶוויזעֶן אַ לעֶבּ צו טהון, און האָבּ אַליין ניִשט בּעֶמעֶרקט, וויִ די צייט איִז פעֶרבּיי. דעֶריִבּעֶר לעֶבּ אַ גוטעֶן טאָג! מאָרגעֶן מעֶגסטו צו מיִר ניִשט קומעֶן, קום אַריין אויף אַ שטונדעֶ איִבּעֶרמאָרגעֶן. דעֶרלאַנג מיִר. איִך בּעֶט דיִך, דאָס קעֶסטעֶל מיִט די ציִגאַרעֶן. מעֶרסיִ! וויִ גוט דאָ איִז צו ליִעגעֶן! טהו נאָר אַ קוק, וואָס פאַר אַ שעֶן מעֶדעֶ־לעֶ דאָרט געֶגעֶנאיִבּעֶר, אויפ׳ן בּאַלקאָן! אַהעֶר קוקט זיִ! אַח, צו׳ם טייוועֶל, פאַרוואָס בּיִן איִך ניִשט יונג!

אויף דעֶר צווייטעֶר וואָך האָט זיִך „סאַקסאָניעֶ” געֶלאָזט רייזעֶן איִן שוואַרצוואַלד. דעֶר דאָקטאָר האָט רעֶגעֶלמעֶסיִג יעֶדעֶן טאָג בּעֶקומעֶן פּאָסט־קאַרטעֶן, וואו מעֶן האָט איִהם געֶנוי בּעֶשריִ־בּעֶן, וויִפיִעל בּיִער מעֶן האָט פאַר זיין געֶזונדהייט אויסגעֶטרונקעֶן איִן העֶרנסבּאַך, איִן בּאַדעֶן, איִן פרייבּורג, איִן פעֶלדבּעֶרג און איִן יעֶדעֶן רעֶסטאָראַן, וואָס מעֶן האָט אונטעֶרוועֶגס געֶטראָפעֶן. קאַרל־היינריִך איִז צוריקגעֶקומעֶן פרעֶהליִך, צופריִעדעֶן און דעֶרצו נאָך אָבּגעֶבּרעֶנט. צו׳ם עֶרשטעֶן איִז עֶר אַוועֶק צו קעֶטיִ׳ן, וואָס

האָט איהם בעגעגענט מיט א שטורמישער פֿייער, און דאָן איז ער געקומען אין שפּיטאל.

די שמחה האָט דעם דאָקטאָר אויפֿגערעגט און אין זיינע איינגעפֿאלענע באַקען האָט זיך פֿאַרב בעוויזען. מיט א שיינענדיג געזיכט האָט ער בעגריסט דעם פּרינץ.

— נו, זעהר וואויל! ווענינגסטענס האָסטו זיך אביסעל דורכגעשפּאַצירט, א לעב געטהון, נאָר וואָס דען, זיך אַרומדרעהען שטענדיג אין דער היים מיט א אומעטיג געזיכט! קלינג נאָר אָן, ווערען מיר אויסטרינקען א פֿלעשעל וויין. וואָס מאַכט קעטי? זי מוז היינט אודאי טאַנצען פֿאַר שמחה! זי איז דיר אַרויס אַקעגען? ניין? פֿאַרוואָס? זי איז א וואויל מעדעל! נו, דערצעהל, וואָס האָסטו געזעהן! געוועזן אין שטראַסבורג? הער נאָר, דו זעהסט דאָך אויס וואונדערבאַר! ווי אָבגעברענט! וואָס מאַך איך אין גע־געזונד? זעהר גוט. דאָ איז אַזוי רוהיג! אין קיהלדבאַד זענט איהר געוועזן? ווי שען, אמת? אַח, בכלל שוואַרצוואַלד איז צויבערהאַפֿט! גיעס נאָר אָן, קאַרל־היינץ. לחיים דיר!

מעגליך, דעם דאָקטאָר איז ווירקליך געוועזן בעסער און די דאָקטוירים האָבען איבערגעטריבען די סכנה. אַלענפֿאַלס האָט ער קיינמאָל און אין ערגעץ זיך נישט געפֿיהלט אַזוי גוט ווי דאָ אין שפּיטאָל. דער פּרינץ האָט זיך אָנגעהויבען בערוהיגען און איז ביסלעכווייז ווידער געוואָרען דער זעלבער לעבע־יונג, ווי ער איז פֿריהער געוועזן.

ענדע יולי האָט ער לכבוד זיין קאָרפּאָראַציע געמאַכט א מאָהלצייט ביי רידער'ן. דער באַל האָט זיך גלענצענד איינגעגע־בען. דאָס היידעלבערגער שלאָס איז געוועזן בעלויכטען מיט בענ־גאַלישע פֿייערען, און גאַנץ היידעלבערג איז זיך אָנגעלאָפֿען צום ברעג פֿון נעקאַר, כדי צו זעהן דאָס וואונדערבאַרע פֿייערווערק. דער דאָקטאָר האָט געזעהן די אילומינאַציע פֿון זיין איינזאַמען באַלקאָן. דער העלד פֿון טאָג, קאַרל־היינריך, האָט זיך ערווייטערט פֿון דער מאַסע און איז מיט קעטי'ן געפֿאָהרען אויפֿ'ן נעקאַר אין רידערס א שיפֿעל. דער שיפֿער איז געוועזן קעלערמאַן, ווייל אין גאַנץ היידעלבערג איז נישט געוועזן קיין מענש, וואָס זאָל זיין

באַסענדרען בּײ דער ראָלע פֿון בעגלייטען אַ פֿערליעבטע פּאָרעל: ער האָט גאָרנישט געזעהן און געהערט און זיין גאַנצע אויפֿמערקזאַמקייט איז געווען פֿערשלונגען אין די דאָזיגע פֿערפֿלוכטע וועסלעס, וואָס האָבען זיך כּסדר אַראָבגעגליטשט. ער האָט געהאַט נאַטור צו רעדען מיט זיך אַליין אונטער דער נאָז, און איצט, געהענד ער האָט געשיפּט, האָט ער צו זיך געמורמעלט עפּעס ווערטער אָהן אַ שום זינען: „נאַרישקייטען... וועסלעס... יאָ... יאָ... וואַסער... שפּעט... גאַנץ פֿריה... דונערוועטער... די גאַנצע שטיוועל"... און אַזוי ווייטער אויף דעם זעלבען שטייגער;

און ווען דאָס אַלטע שלאָס איז בעלויכטען געוואָרען מיט פֿיעלפֿאַרבּיגע פֿייערען און דער ענטציקטער קאַרל-היינריך איז פֿון זיין אָרט אויפֿגעשטאַנען, האָט קעלערמאַן ווייטער געשיפּט און קיין מינדעסטע אַכט נישט געלעגט אויף דאָס, וואָס אַרום איהם איז פֿאָרגעקומען. וואָס געהט איהם אָן דאָס שלאָס און דאָס פֿייערווערק? שוין פֿיעל פֿייערווערק האָט ער זיך אָנגעזעהן אין היידעלבּערג אין אַ משך פֿון דרייסיג יאָהר און האָט איצט נישט נאָך וואָס צו קוקען אויף אַזעלכע נאַרישקייטען.

שטיל זענען אויסגעלאָשען געוואָרען די פֿייערען, נאָר איינע פֿענסטער פֿון ריעזיגען שלאָס זענען נאָך געווען בעלויכטען, דאַן זענען זיי אויך אין פֿינסטערניש פֿערזונקען געוואָרען. דאָס שיפֿעל איז געשוואומען אין דער פֿינסטער. אַרום איז געווען שטיל. קאַרל-היינריך און קעטי זענען שוויינענדיג געזעסען, צוגעדריקט איינער צו'ם צווייטען. דאָס שווייגען איז געשטערט געוואָרען נאָר דורך קעלערמאַנס מורמלען און דאָס שטילע פּלעסקען פֿון וואַסער.

אַזוי זענען זיי לאַנג געשוואומען מיט'ן שטראָם, ביז קעטי האָט פּלוצלינג דאָס שווייגען איבּערגעריסען.

— צייט אַהיים.

ווירקליך, עס איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבּער נאַכט.

— קעלערמאַן, מען דאַרף צוריק פֿאָהרען; דרעהט אום דאָס שיפֿעל.

— הם!...

— פערדרויכערט א ציגאר, קעלערמאן!

— הם!...

ער האט א רייב געטהון א שוועבעלע און אויף איינינע אויגענבליקען איז בעלויכטען געווארען קעלערמאנס אלט אויסגעמאגערט געזיכט.

דער פרינץ האט שוין געקענט דעם אלטען פון עטליכע מאנאטען, נאר ערשט איצט האט ער בעמערקט זיינע מידע געזיכטס-ציגען.

— ווי אלט זענט איהר, קעלערמאן?

קעלערמאן האט נישט מיט אמאל געענטפערט, ווייל די־זע זינע פראגע האט איהם שטארק ערשטוינט.

— פינף און זעכציג!

פינף און זעכציג! און א גאנצען טאג איז ער אויף די פיס און טיילמאל קומט איהם אוים אויך בייננאכט נישט צו שלאפען. ארימער! אלעמען מוז ער בעדינען, אלעמען פאלגען. ניין. ער איז נישט פאסיג פאר די סטודענטען, פאר זיי איז נויטיג א יונגער, פרעהליכער מענש, וואס וואלט זיי געקאנט לוסטיג מאכען, און פאר'ן אלטען, שוואכען קעלערמען איז דאס קיין פלאץ נישט.

— איהר האט א פאמיליע, קעלערמאן?

דער אלטער האט א קוק געטהון אויף איהם פערוואונדערט, אהן צוטרויען. וועגען דעם האט איהם נאך קיינער פון די סטודענטען קיינמאל געפרעגט, וועניגסטענס מיט אזא טאן. זיין ווייב איז געוועזען א וועשערין און האט פאר די סטודענטען גרעט געוואשען.

קעטי, וואס האט איהר קעפעל אראבגעבויגען אויפ'ן געליעבטענס ברוסט און איז אין דער פינסטערניש געבליבען אונגעזעהן פון קעלערמאנ'ען, האט פריינדליך געזאגט:

— ענטפערט דאך, קעלערמאן.

און זיי ביידע, וואס זענען געוועזען אין א ליבטיגער, פריידיגער שטימונג און דעריבער האבען זיי גיכער געקאנט דערפיהלען די ליידען פון א צווייטען, האבען איהם אנגעהויבען אויסצופרע־

גען אזוי מיטליידיג, אז קעלערמאן האט זיך שוין נישט געקאנט איינהאלטען און זיי דערצעהלט די טרויעריגע געשיכטע פון זיין לעבען.

כמעט צו'ם ערשטען מאל אין לעבען איז דעם פרינץ אויסגעקומען צו הערען, ווי א ארימאן דערצעהלט אליין די טרויעריגע געשיכטע פון זיין קאמפף פאר זיין עקזיסטענץ!

— קעלערמאן!

— וואס ווינשט איהר?

— קעלערמאן, אויב איך וועט אמאל שלעכט זיין קומט צו מיר, וועל איך אייך פערזארגען.

דער אלטער האט גארנישט געענטפערט, נאר קעטי האט קארל-היינריך'ן ארומגענומען און איהם געזאגט עפעס שטילערהייד אין אויער, פיליינכט א דאנק.

— אויב איך וועל אמאל זיין קארלבורגער פירשט און אייך וועט דא ווערען צו שווער, קומט צו מיר.

דער אלטער האט אנגעהויבען עפעס שארען אין דער פינסטערניש, אנגעהאפט קעטי'ס האנד, פון וואס קעטי האט זיך ווירקליך שטארק איבערגעשראקען דורך אזא פלוצלונגען אנפאל, דאן האט ער וויעדער א שאר געטהון, געפונען דעם פרינצענס האנד און זי א דריק געטהון מיט זיין קנייטשען-פולער האנד.

זיי האבען זיך ווייטער געשיפט. קעלערמאנס ציגאר האט העלגעלויכטען אין דער פינסטערניש. קארל-היינריך און קעטי זענען שווייגענדיג געזעסען בייזאמען, געריהרט, פערטראכט, גליקליכער ווי שטענדיג. זיי האבען זיך שוין מעהר נישט געקושט, נאר געזעסען פעסט ארומגענומען, און קעטי האט שטיל געזונגען עפעס א פאלקס-ליעדעל, וואס זי האט אין איהרע קינדער יאהרען אין איהר היימאט געהערט.

דערווייל אבער איז יענעם אווענד אויפ'ן נאמען פון זיין האהייט אנגעקומען איינע נאך דער אנדערער דריי דעפעשען. דאס האט אזוי שטארק אויפגערעגט דעם הערן לוץ, אז ער האט זיך בכבודו ובעצמו געלאזט געהן זוכען דעם פרינץ אין רידערס קליינעם רעסטאראן. ער איז נישט בעקאנט געוועזען אז מיט דעם אנ-

שטאָלט, אַז מיט אַנדערע פֿון דעם סאָרט, וואו זיין האָהייט פֿלעגט אַזוי אָפֿט פֿערברענגען; נאָר ער האָט זיך שוין כּלל נישט געוואונדערט, ווען רידער האָט איהם ערקלערט, אַז די מינוט איז דער פּרינץ נישטאָ, חאָטש ער וועט געוויס באַלד זיין. איבריגענס, דער הערר לוץ איז שוין לאַנג געוואוינט געוואָרען דערצו, אַז פֿון צוועלף ביי טאָג ביז דריי פֿאַר טאָג איז אונמעגליך זיין האָהייט ערגעץ צו געפֿינען. אין הויף איז דאָס לעבען שטענדיג שטרענג אויסגעמאָסטען: די צייט פֿון מיטאָג, פֿון שפּאַציערען, פֿון פֿאָהרען איז גענוי בעשטימט פֿאָראויס, און דעריבער קאָן מען שטענדיג וויסען, וואו די אָדער יענע אַלערהעכסטע פּערזאָן געפֿינט זיך אין יעדען מאָמענט; זיין האָהייט דער קרוינפּרינץ האָט געפֿיהרט גאָר אַ פֿערקעהרטען אַרט לעבען.

מען קאָן נישט זאָגען, אַז דער דאָזיגער אומשטאַנד זאָל לוץ'ן האָבען אויפֿגעבראַכט, — אָ, ער האָט שוין לאַנג אויפֿגעהערט אין כּעס צו זיין, — נאָר איהם האָט געפּייניגט דאָס בעוואוסטזיין, אַז ער אַליין פֿאַלט אַלץ ניעדריגער און ניעדריגער. ער האָט שוין נישט געלעגט אַזוי פֿיעל אַכט אויף זיין אויסערליך אויסזעהן, ווי אַ מאָל, און האָט שוין נישט געטראָגען קיין בלענדענד-ווייסע שניפּסען. צו וואָס? סיי ווי אינטערעסירט זיך מיט איהם קיינער נישט און זיין טעטיגקייט איז פֿערקלענערט געוואָרען ביז צו גאָרנישט.

בּיסלעכווייז האָט ער זאָגאַר פֿערלאָרען דאָס בעוואוסטזיין פֿון דעם סאָציאַלען אונטערשייד צווישען מענשען. ער האָט פֿערגעסען וועגען יענע רעכט, וואָס איז זיין בילדונג, אין זיין לאַגע האָבען איהם פֿערשאַפֿט. עס פֿלעגט אויך טרעפֿען, אַז ווען ער פֿלעגט פֿאַר לאַנגווייליגקייט אויסגעהן, פֿלעגט ער אין אָוועגד אָביזיצען שטונדענלאַנג אין קיך מיט די אַלטע פֿרויען און צוזאַמען מיט זיי קאַווע געטרונקען! דאָ אין היידעלבערג איז פֿון איהם געוואָרען אַ פּשוט'ער לאָקאַי, אַפֿילו זיך אַליין האָט ער אויפֿגעהערט צו אַכטען. זיין איינציגע פֿערוויילונג איז געווען זיין קאַנטשאַפֿט מיט אַ דיענסט פֿון שכנות. נאָר ווען יענע האָט איהם געגעבען אַנצוהערעניש, אַז זי האָט גאָר נישט דאַגעגען צו ווערען זיין גע-

ז'צליבע פרוי, האט ער געמוזט איבעררייסען מיט איהר יעדע בעציהונג.

דער הערר לוץ איז געקומען צו רידער'ן מיט די דעפעשען ארום האלב עלף, נאר דער זינגער האט שוין לאנג געשלאגען צוועלף און זיין האהייט איז נאך אלץ נישט געווען. פלוצלונג האט ער דערזעהן דעם פרינץ צווישען א לאבענדער מאסע פון סטודענטען. אין דער רעכטער האנד האט זיין האהייט געהאלטען א קופעל ביער, אין דער לינקער — א ראפירע (אזא שווערד), דאס בלויע היטעלע איז געווען פערדרוקט אן א זייט און ווי עס ווייזט אויס האט ער געהאלטען עפעס א טאסט. גלייך דערנאך איז געווארען א שרעקליך געפילדער, די סטודענטען האבען אנגעהויבען קלאפען מיט די קופלעס אן טיש, און דער פרינץ איז מיט פלאמענדע אויגען געשטאנען צווישען זיי און געלאכט.

מיט השיבות'דיגע טריט איז הערר לוץ אריין אין גארטען און פון הינטען צוגעגאנגען צו'ם פרינץ.

— אייער האהייט...

— סילענטיום, (שטיל!). מיינע הערען, איך לעג פאר צו זינגען: „פון אלע שענע מעדלעך".

דער ארקעסטער האט אנגעהויבען שפילען. הערר לוץ האט זיך נאך אמאל אנגעבויגען צו'ם פרינץ:

— אייער האהייט...

נאר דער פרינץ האט איהם נישט בעמערקט, קיינער האט איהם נישט בעמערקט. צווישען די טישען האבען אנגעהויבען לויפען די קעלנער מיט קופעלס ביער און די סטודענטען האבען אנגעהויבען זינגען:

„פון אלע שענע מעדלעך
געפעלט מיר איינע נאר"...

בעלעדיגט, פול פערדרוס האט זיך לוץ אנגעבויגען צו'ם פרינץ צו'ם דריטען מאל!

— אייער האהייט...

קיין ענטפער. בלאס פאר כעס איז ער געשטאנען אין זיין

פראכטפולען קאסטיום צווישען די אלע האלב-שכורע סטודענטען און געהאלטען אין האנד די געהיימניספולע דעפעשען.

קארל ביליע האט לוץ'ן בעמערקט און א שטוים געטהון דעם פרינץ.

— קארל-היינץ, לוץ איז געקומען.

— וואו?

— אייער האהייט...

— וואס איז?

— אייער האהייט, פון קארלבורג זענען אנגעקומען דריי דרינגענדע דעפעשען.

דער פרינץ איז בלאס געווארען.

און וועהרענד אין גארטען האט זיך געלאזט הערען דאס פרעהליכע סטודענטען-ליעד האט ער די טעלעגראמע געעפענט און איבערגעלייענט:

„איך איל מיטצוטיילען אייער האהייט, אז זיין האהייט דער פירשט איז ערנסט קראנק געווארען און אז עס איז נויטיג, דאס אייער האהייט זאל קומען צו פאהרען אויף עטליכע טעג קיין קארלבורג".

די דאזיגע דעפעשע, אזוי ווי די צוויי איבעריגע, איז געווען אונטערגעשריבען פון הויפמארשאל. אין דער צווייטער זענען מיטגעטיילט געווארען די סימפטאמען פון דער קראנקהייט, און די דריטע האט בערוהיגט, דען דער הויפמארשאל האט פער-זיכערט דעם פרינץ, אז דאס לעבען פון זיין האהייט שטעהט נישט אין קיין סכנה.

ער האט זיך אומגעדרעהט.

— גוט, לוץ, איהר קאנט געהן. אין א שטונדע ארום וועל איך צוריקקומען אהיים. פאקט איין די קאסטענס, מיר פאהרען מארגען אוועק.

כמעט קיינער האט אויף דעם דאזיגען פארפאל קיין אכט נישט געלעגט און קיינער האט נישט בעמערקט, אז דער פרינץ האט אין א פיערטעל שעה ארום דעם באל פערלאזט.

דער פרינץ איז געבליבען שטעהן ביים איינגאנג און פיליים

צו'ם לעצטען מאל האט ער מיט זיין בליק דעם גאנצען גארטען ארומגענומען.

ווי אויב די קראנקהייט פון פירשט וועט זיך פערציהען און וועט איהם אויף לאנגע וואכען און פיליכט מאנאטען אין קארלבורג פערהאלטען?

ווי, אויב איהם וועט שוין קיינמאל נישט אויסקומען, — און דאס קאן אויך טרעפען, — צו קומען אין היידעלבערג? נאר ער האט זיך אליין פארגעווארפען אין קליינמוטיגקייט און זיך שנעל בעהערשט. דאס איז זיין געוועהנליכע מאנערע, צו זעהן אלץ אדער גאר שווארץ אדער גאר ראזיג, אראבצופאלען ביי זיך צו ליעב א נארישקייט און פון א נארישקייט ענטציקט צו ווערען. ער איז א מענש מיט א צו שוואכען כאראקטער, א מענש אהן ווילען. און אונצופריעדען מיט זיך אליין האט ער זאגאר פערגעסען זיך מיט קעטי'ן צו געזעגענען.

# זעקסטעס קאפיטעל.

ווען ער איז אויפ'ן צווייטען טאג אין דער פריה געקומען זיך געזעגענען מיט'ן ראט, האט ער איהם געטראפען אויפ'ן באלקאן ליעגענדיג אין בעט. פון באלקאן איז געווען א וואונדערשענע אויסזיכט אויפ'ן שלאס, נאר היינט איז דער וועטער געווען פערוואלקענט, א דראבנער רעגען האט געטריפט און אבגעפרישט די לופט נאך די אונערטרעגליכע היצען פון די לעצטע טעג. דער דאקטאר האט מיער א שמייכעל געטהון דערזעהענדיג דעם פרינץ, נאר ווי ער האט זיינע ערשטע ווערטער דערהערט איז ער אויפ'ן בעט אונטערגעשפרונגען:

— פאהרסט אוועק?... אין קארלבורג?

ער האט צוויי מאל איבערגעלייענט די דעפעשען מיט א פיעבערהאפטער האסטיגקייט, דאן האט ער זיך שווער אויף הינטען אווארף געטהון און שווייגענדיג אנגעשטעלט דעם בליק ערגעץ אין דער ווייטען.

— נישטא וואס צו מאכען, טייערער דאקטאר!

— יאָ, ניִשטאָ וואָס צו מאַכען.

— איךְ פאָהר הײַנט אָוועֶנד.

— המ!...

— איךְ רעכען צוריקצוקומען אין אַ וואָך אָדער אין צוויי אַרום.

— מעגליךְ.

— איהר וועט ניִשט אַליין בלײַבען, טײַערער דאָקטאָר; מײַנע קאָלעגען וועלען אײַךְ בעזוכען צוויי מאָל אין טאָג. אויב איהר ווילט וועל איךְ אײַךְ איבערלאָזען לוץ'ן.

דער דאָקטאָר האָט שוואַךְ אַ שמײכעל געטהון:

— ניין, מען דאַרף ניִשט, איךְ דאַנק אײַךְ.

און קאַרל-הײַנריךְ האָט אויךְ אַ שמײַכעל געטהון: העֶרר לוץ און דער ראַט האָבען קײנמאָל קיין סימפּאַטיע ניִשט געפיהלט איינער צו'ם צווייטען און דאָ אין שפּיטאָל וואָלטען זיי זיךְ נאָךְ ווייניגער פערשטאַנען.

נאָר דעם דאָקטאָר'ס אויסזעהן האָט שנעל דעם שמײכעל פון זײַן געזיכט פערטריבען. יוטנער האָט זיךְ פאַר די לעצטע טעג שרעקליךְ איבערגעביטען: זײַן רונד געזיכט איז שטאַרק אָבגעמאָגערט געוואָרען, די העֶנד זעֶנען מאַכטלאָז געוועזען אָראָבגעלאָזט אויף די קאָלדרע. דער דאָקטאָר האָט אַלץ מעהר און מעהר בעהעֶרשט אַ געדאַנקען, אַז זײַן סוף איז שוין נאָהנט.

פּלוצלונג האָבען זײַערע אויגען זיךְ בעגעגענט. דער פּרינץ האָט זיךְ געוואָלט אָבדרעהען, נאָר ער האָט ניִשט געקאָנט. מעגליךְ אַז דער דאָקטאָר האָט אויךְ געוואָלט זײַן בליק אויסמײַדען. ער האָט אָבער דערצו ניִשט געהאַט גענוג קראַפט אין זיךְ. אַזוי האָבען זיי איינער אויף'ן צווייטען געקוקט אין אַ משך פון עטליכע סעקונדען, אַזוי ווי זײַערע בליקען וואָלט צוגעצויגען עפּעס אַ מאַגנעטישע קראַפט. ענדליךְ האָט זיךְ קאַרל-הײַנריךְ בעהעֶרשט, די צײַהן צוזויפענגעפרעסט און געפּרובט אַ קוק טהון ערגעץ אין אַ זײַט.

און אַזוי ווי פון ערגעץ ווײַט האָט ער דערהערט דעם דאָקטאָרס שטימע:

— פרייהער אָדער שפּעטער, אַלץ איינס, קאַרל-הײַנץ.

שטיל איינשלאָפֿען — און אַ סוף. לאָ'מיר בעסער וועגען דיר רעדען, דו זאָגסט, אַז אין אַ וואָך אָדער אין צוויי אַרום וועסטו צוריקקומען. מעגליך, יאָ. נאָר פּונקט אַזוי איז אויך מעגליך, אַז דו וועסט נישט צוריקקומען. בלייב שטענדיג מיט אַ יונג האַרץ, — דאָס איז אַלץ, וואָס איך ווינש דיר. בלייב אַזוי ווי דו ביזט אין אמת'ען. מעגליך, אַז מען וועט דיך ווילען איבערמאַכען, קעמפף, גיעב זיך נישט אונטער. בלייב אַ מענש, קאַרל-היינץ, בלייב מיט אַ גוט, מיטלייריג האַרץ. מעגליך, עס וועט אַ צייט קומען, ווען דו וועסט זיך דערמאָהנען וועגען מיר און וועגען אונזער הײדעל-בערגער לעבען מיט פֿעראַכטונג אָדער זאָגאַר מיט פֿעררדום. מעגליך, אַז דו וועסט זאָגען צו זיך: „איך האָב נישט געטאָרט זיך אַזוי ניעדריג אַראָבלאָזען און מיין ווירדע פֿערליערען". דאַן ווילען דיר אַלע אָנהויבען איינרעדען און פֿערזיכערען דיר, אַז אונ-זער איצטיג לעבען איז געווען אַ שאַרפֿער דיסאָנאַנס. נאָר דו גלויב זיי נישט, דאָס איז נישט אמת.

* *

*

אין רעגען איז דער פּרינץ אַרויפֿגעקראָכען ביז'ן סאַמע שפּיץ באַרג, וואו דאָס שלאָס איז געשטאַנען. דער וועג איז געווען פֿייכט, אין דער לופֿט איז אַ נעבעל געשטאַנען. הונדערט טריט ווייטער האָט מען שוין גאָרנישט געקאָנט זעהן, דער רהיין-טאָל איז געווען איינגעהילט אַזוי ווי מיט אַ שאַרען שלייער, נאָר פֿון די וועלדער האָט זיך געטראָגען אַזאַ פֿרישער, בערוישענדער ריח פֿון גרינס. אַז ווען קאַרל-היינריך איז אַרויפֿגעקומען אויפֿ'ן שפּיץ באַרג האָט ער אַריינגעצויגען אין זיך די לופֿט מיט דער גאַנצער ברוסט.

ער האָט זיך אָבגעשניטען אַ צווייגעל, מיט וואָס ער האָט אָבגעטרייסעלט די רעגען-טראָפּענס פֿון די בוימער, און דאַן האָט ער אָנגעהויבען אַראָבצוגעהן פֿון באַרג — צו'ם ערשטען פּאַמעלין. דערנאָך אַלץ שנעלער און שנעלער און צו'ם לעצטען איז ער שוין געלאָפֿען, אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו פֿערשפּעטיגען.

אַ האַלבע שטונדע שפּעטער איז ער געזעסען אין דער נייער

גלעזערנער וועראַנדע, וואָס רידער האָט אויסגעבויט, און געטרונקען „באַרענער" ווײַן.

אויסער קעטי'ן איז קיינער נישט געוועזן. אַלע סטודענטען זענען היינט געוועזן ערגעץ אַנדערש באַשעפטיגט, און אַנדערע געסט האָבען אין אַזאַ שטונדע און בײַ אַזאַ וועטער נאַטירליך נישט געקאָנט זײַן. איצט איז געגאַנגען אַזאַ שטאַרקער רעגען, אַז מען האָט נישט געקאָנט אונטערשיידען די הייזער אויפ'ן געגענאיבערדיגען ברעג פון נעקאַר; נאָר די טרויעריגע שטימונג, וואָס האָט דעם פרינץ באַהערשט בשעת זײַן וויזיט בײַ'ם דאָקטאָר, איז שוין געוועזן פערשוואונדען. עס לוינט זיך נישט מעלאַנכאָליש צו ווערען, — ער וועט צוריקקומען אין אַ וואָך צוויי אַרום, און אפשר נאָך פריהער, און דעם דאָקטאָר וועט אין גיכען געוויס בעסער ווערען.

— ברענג נאָר אַ פאָסט-קאַרטעל, קעטי!

— צו וואָס?

— מיר וועלען שרײַבען צו'ם דאָקטאָר.

זי האָט אויפגעעפענט דעם רעגענשירם, אונטערגעהויבען די קלייד און אַריבער אין הויז אַ וועג זיך זובענדיג פאַרזיכט דורך די קאַלושעס. ווען זי האָט דאָס פאָסט-קאַרטעל געבראַכט האָט ער אָנגעשריבען:

„טײַערער דאָקטאָר, אַרגע איז נאַרישקײַט! אין צוויי וואָכען אַרום קום איך צו פאָהרען נאָך אײַך אין שפיטאָל, איך בין זיכער אַז צו דער צײַט וועט איהר שוין אינגאַנצען געזונד ווערען, קעטי און איך טרינקען מיר פאַר אײַך לחיים.

ק.—ה".

— שרײַב צו אַ גרוס, קעטי.

זי האָט אויפמערקזאַם דורכגעלייענט דעם בריעף און נאָכדעם ווי זי האָט אײַנגענעצט דעם שפיץ פון גאָלדענעם בלײַפעדער אין מויל, האָט זי צוגעשריבען פאָלגענדע עטליכע ווערטער:

קאַרל-היינריך און איך (קעטי) ווינשען מיר אײַך אַל'דאָס גוטס.

קעטי".

— וואָס וואָלסטו געזאָגט, קעטי, — האָט ער זי געפרעגט,—

ווען איך וואָלט שוין מעהר נישט צוריקגעקומען אין היידעלבערג?

זי האָט אויף איהם אָנגעשטעלט אַ פערוואונדערטען בליק.

— נישט צוריקגעקומען?

— נו יאָ.

— דאָס קאָן נישט זיין — זי איז גאַנץ בלאַס געוואָרען.— דו וועסט דאָך יאָ צוריקקומען, זאָג, יאָ?

ער האָט זיך צעלאַכט. איצט איז ער געווען זיכער אין זיך. אויב מען וועט איהם אפילו צו ליעב עפּעס אַ סיבה פערהאַלטען אין קאַרלבורג, וועט ער סוף כל סוף דאָך צוריקקומען אין היי- דעלבערג. ער איז דאָך עפּעס נישט קיין יונגעלע, וואָס יעדער אָל קאָנען מיט איהם מאַכען ווי איינער וויל, ער האָט דאָך עפּעס אַ איינגענעם ווילען.

— נאָר שטעל דיר פאָר, קעטי, אַז איך וועל שוין מעהר נישט צוריקקומען. וואָס וואָלסטו דאַן געטהון?

איהרע ליפּען האָבען אַ ציטער געטהון, זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגען, נאָר נישט געקאָנט. דאַן איז זי אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צו איהם און זיין האַלז מיט איהרע הענד אַרומגענומען,

— איך ווייס, אַז דו וועסט צוריקקומען.

אַ שטונדע נאָך אַ שטונדע איז פערביי, דער רעגען האָט נאָך אַלץ אַזוי מאָנאָטאָן געפּויקט אין די שויבען פון דער וועראַנ- דע, און זיי זענען נאָך אַלץ געזעסען צוזאַמען. די מוהמעס און רידער אַליין האָבען איינינע מאָל אַ קוק געטהון אויף די וועראַנדע, נאָר נישט געוואַגט איבערצורייסען זייער איינזאַמקייט. איבער'ן טאָג זענען געקומען איינינע געסט, נאָר מען האָט זיי בעזעצט אין אַלגעמיינעם צימער.

דערנאָך, אַהאַלבע שטונדע פאַר'ן אָבגעהן פון קוריער- צוג, האָט רידער איינגעשפּאַנט זיין קאַרעטע און זיך אַליין גע- זעצט אויפ'ן באָק, כדי אָבצופיהרען צו דער סטאַציע זיין הויכ- ווירדיגען קליענט.

קיינמאָל איז נאָך קיין קרוינפּרינץ נישט אַרויסגעפאָהרען אַזוי בעשיידען: די קליינע קעלנערין האָט איהם מיט אַ טיכעל נאָכגעמאַכט, דער עקיפּאַזש איז געווען אַ אָרימער און אינגאַנצען

מיט שמוץ בעשפריצט, קיין לאקאי איז נישט געוועזן און אנשטאט איהם איז געזעסען העררר רידער, וואס איז נישט געוועזן גאנץ ניכטער און נעבען וואקזאל האט דער פאליציאנט אויף איהם א פראטאקאל געמאכט דערפאר וואס ער איז צו שנעל געפאהרען.

וואס אנבעלאנגט צו העררן לוץ, איז ער געקומען צו פאהרען אויפ'ן וואקזאל צוואנציג מינוט פאר'ן אבגעהן פון צוג און איז אביסעל געוועזן אונרוהיג, וועהרענד ער האט געווארט אויף זיין האהייט, נאר אזוי ווי ער איז שוין בעקאנט געוועזן מיט די געוואוינהייטען פון קרוינפרינץ, האט ער בעשלאסען, אז דער לעצטער וועט געוויס קומען איינינע מינוט פאר'ן אבגעהן פון צוג. און אזוי איז טאקי געוועזן.

דורכגענעצט אינגאנצען פון רעגען, אהן א פאלטא איז קארל-היינריך ארייגעשפרונגען אין בעזונדערען קופע. לוץ האט קוים בעוויזען ארייצוטראגען אין וואגאן דעם פאלטא, אקאלדרע און די רייזע-טאשען פון זיין האהייט, דאן האט ער זיך אליין בעזעצט אין דעם פאר איהם בעשטימטען קופע, און אין א האלבע מינוט ארום האט זיך דער צוג פון ארט גערירהט.

לאנג איז דער פרינץ געשטאנען ביי'ם פענסטער און געקוקט אויף היידעלבערג, וואס איז געוועזן אין נעבעל געהילט. דאן האט ער טיעף אבגעזיפצט ווי א מענש, וואס האט זיך נאר וואס פונ'ם שלאף אויפגעכאפט. ער האט אראבגענומען פון זיך דעם זיידענעם באנד, איהם צונויפגעלעגט און ארייגעלעגט אין קעשענע; דאס דונקעל-בלויע היטעלע האט ער איינגעלעגט אין רייזע-טאש און אנגעטהון א וועג-הוט.

אין האנד האט ער נאך אלץ געהאלטען די דריי רויטע ראזען, וואס קעטי האט איהם נעגעבען ביי'ם געזעגענען זיך.

ער האט זיך אנגעשפארט אן דאס ווייכע ווענטעל פון דער רויטער סאפע, ער האט זיך געוואלט פארשטעלען קעטי'ס בילד, נאר פלוצלונג האט איהם בעהערשט א געדאנקען וועגען דאקטאר, און ער האט איהם נישט געקאנט פון זיך אבטרייבען. דער דאקטאר ליעגט אין שפיטאל, און ער, קארל-היינריך, פאהרט אין קארלבורג. אליין!

דריי מאָנאַטען צוריק זענען זיי צוזאַמען דורכגעפאָהרען דעם זעלבען וועג קיין היידעלבערג. צוזאַמען: קעטי, דער דאָקטאָר, סטודענטען, — מיט זיי איז פרעהליך געוועזן, זיי זענען געווען אַרום איהם, און איצט איז ער איינער אַליין.

* * *

אויפ'ן וואָקזאַל האָבען דעם קרוינפּרינץ בעגעגענט דער הויפמאַרשאַל, אַ קאַמערהערר און צוויי אַדיוטאַנטען. רעכטס און לינקס זענען געשטאַנען הויפלאַקייען, און הינטער זיי האָט זיך פערזאַמעלט אַ נייגיעריג פּובליקום, וואָס איז אַלץ מעהר און מעהר אויפגערעגט געוואָרען דורך די אונרוהיגע ידיעות וועגען פירשטענס געזונד און אַ גרויסע מאַסע איז אויפ'ן וואָקזאַל געקומען.

אַזוי הייסט עס, איז דער קרוינפּרינץ געקומען צו פאָהרען; מען האָט איהם טעלעגראַפיש אַרויסגערופען.

מעגליך אַז אין עטליכע טעג אַרום וועט ער שוין אויפשטייגען אויפ'ן פירשטען-טהראָן.

„אורא" האָט מען נישט געשריען, — דאָס האָט נישט געפּאַסט ביי די איצטיגע אומשטענדען, — נאָר אַלע זענען שווייגענדיג געשטאַנען מיט אָבגערעקטע קעפּ און די דאַמען האָבען געמאַכט אַ טיעפען רעווערענס פאַר'ן צוקינפטיגען פירשט. נעבען וואָקזאַל און אויפ'ן גאַנצען וועג צו'ם פּאַלאַץ איז געשטאַנען שווייגענדיג אַ גרויסער עולם, וואָס האָט פאַר'ן קרוינפּרינץ די קעפּ אָבגערעקט.

קאַרל-היינריך איז געזעסען נעבען הויפמאַרשאַל. אין די פירשטליכע אַפּאַרטאַמענטען פון וואָקזאַל האָט ער געשמועסט מיט הויפלייט און דאָקטוירים, וואָס האָבען איהם פערזיכערט, אַז היינט ביינאַכט איז ווייזט אויס פערביי דער שאַרפער קריזיס פון דער קראַנקהייט און איצט איז גאַנץ וואהרשיינליך, אַז זיין האָהייט דער פירשט וועט געזונד ווערען.

ער האָט זיך שווייגענדיג פערנייגט אויף רעכטס און אויף לינקס.

— ווי פינסטער ער זעהט אויס! — האָבען מאַנסלייט גערעדט.

— ווי כרויערין ער איז! — האבען פרויען געזאגט און ער האט זיך פערניינט, פערנייגט פאר טויזענדער מענשען, וואס האבען איהם בעגריסט, פאר די גאנצע שטאדט.

אין עטליכע מינוט ארום האבען איהם די שטארקע פערד צו׳ם פאלאץ צוגעפיהרט. נאר אין דער דאזיגער קליינער שטיקעל צייט איז אין פרינצענס נשמה א איבערקעהרעניש געווארען: עפעס א נייע געפיהל האט איהם בעהערשט.

די פאלאץ-וואך האט זיך אין פראנט אויסגעשטעלט. גע־פויקט האט מען דאס מאל נאטירליך נישט.

דער עקיפאזש האט זיך אבגעשטעלט און ער איז ארייג־געגאנגען אין פאלאץ פאמעליך, נישט איילענדיג. ער האט נישט געזעהן די לאקייען, וואס זענען געשטאנען פוןביידע זייטען אויף די טרעפ. ער איז געגאנגען פארווערטס, נישט אומקוקענדיג זיך און נישט בעמערקענדיג דעם הויפמארשאל און די אדיוטאנטען, וואס זענען איהם נאכגעגאנגען.

ער איז ווידער געווען אין קארלבורג, ווידער איז ער א פרינץ געווען.

* * *

טעג נאך טעג זענען פערביי, וואכען נאך וואכען, מאנאטען נאך מאנאטען.

אין פאלאץ האבען בעל-הבית׳עוועט דאקטוירים, וואס זענען כמעט נישט אבגעטרעטען פון קראנקען פירשט. די לאקייען זע־נען ארומגעגאנגען נאך שטילער ווי פריהער, אין פאלאץ האט געהערשט א טויט-שטילקייט. נאר ביסלעכווייז האט פון אלע גע־זיכטער אנגעהויבען פערשוואונדען צו ווערען דער אויסדרוק פון שרעק און זארג. דער פירשט האט שוין לאנג געקרענקט. די לאקייען האבען געגעניצט ביי די טהירען און א מאטערענדע לאנג־וויילינקייט האט זיך ביסלעכווייז איבער דער גאנצער שטאדט פער־שפרייט. אין ערגעץ זענען נישט געווען קיין שמחות, קיין באלען, זונטאג האט מען אין די קירכען געזאגט תפלות פאר׳ן קראנקען פירשט, — דאס לעבען איז געווארען לאנגווייליג, מאנאטאן.

וועגען דעם פּרינצענס אָבפָאָהרען אין שוין איצט נישט גע-
ווען וואָס צו רעדען. די ערשטע צייט איז ער געווען אונרוהיג-
נערוועז און האָט פערלאַנגט פון די דאָקטוירים אַ קאַטעגאָרישען
ענטפער, נאָר דערנאָך איז ער צוגעוואוינט געוואָרען צו זייער
קוועטשען מיט די פּלייצעס און אויפגעהערט צו קלערען וועגען
צוריקפאָהרען אין הײדעלבערג.

בּיסלעכווייז האָט ער זיך אָנגעהויבען בעשעפטיגען מיט די
רעגירונגס-אַנגעלעגענהייטען, אויף וועלכע ער האָט געקוקט פּיליכט
צו ערנסט. דער שטאַרבענדער פירשט האָט פערלאַנגט, אַז זיין
קוזען און יורש זאָל די גאַנצע פרייע צייט מיט איהם פערברענ-
גען. אויף אַזאַ אופן איז ער דעם גאַנצען טאָג געווען בעשעפטיגט
און קיין פרייע מינוט נישט געהאַט. דער פירשט האָט מיט
זיין געבראָכענער, הייזעריגער שטימע, אָפט שטילערהייד גערעדט
מיט איהם וועגען דער פערגאַנגענהייט און צוקונפט, און צווישען
דעם פעטער און זיין קוזען, וואָס האָבען העכער צוואַנציג יאָהר
אָבגעלעבט אַזוי ווי פרעמדע, האָט זיך אין די דאָזיגע טרויעריגע
שטונדען צו'ם ערשטען מאָל איינגעשטעלט עפּעס אַ מאָראַלישע
שייכות. ביידע, דער שטאַרבענדער פירשט און זיין קינפטיגער
יורש, זענען געווען הערשער און דעם פירשטענס רעד האָבען
בּיסלעכווייז ערשיטערט קאַרל-היינריך'ס אַרט דענקען און זיינע
איבערצייגונגען. „פירשטען זענען געבוירען צו זיין איינזאַם אויפ'ן
טראָהן, אַ אונגעהויערער אָבגרונד שיידט זיי אָב פון די איבעריגע
שטערבליכע מענשען, אַפילו פון די יעניגע, וואָס לויט זייער גע-
בורט און בערוף שטעהען זיי נעהנטער ווי אַנדערע צום טראָהן:
זיי מוזען איינזאַם בלייבען, דערין בעשטעהט זייער שווערע פליכט,
דערין איז אָבער אויך זייער קראַפט". אין דער ערשטער צייט
האָט דער פּרינץ האַלב-בעוואוסטזיניג אפשר יאָ זיך בעמיהט נישט
אַרונטערצופאַלען אונטער דעם איינפלוס פון פירשטענס מיינונגען,
נאָר שפּעטער זענען זיי אַריינגעדרונגען אין איהם. בערויבט פון
יעדע קראַפט פון ווידערשטאַנד, פאַראַליזירט זיינע שוואַכע פּראָ-
בען זיך צו זיי קריטיש צו בעציהען. ער האָט געקעמפט, ער
האָט זיך בעמיהט נישט אונטערצוגעבען זיך, נאָר ער איז צו שוואַך

געוועזן.

אַלע האָבען זיך געזעגנט מיט איהם. דער הערר איז געוועזן שוין נישט דער שטאַרבענדער פֿירשט, נאָר ער, קאַרל היינריך, פֿריהער, ווען ער איז נאָך אַ יונגער פּרינץ געוועזן און דער פֿירשט האָט זיך בעצויגען מיט גלייכגילטיגער קאַלטקייט, האָבען די הויפֿלייט אויף איהם וועניג אַכט געלעגט, ער איז פֿאַר זיי געוועזן אַ קרוינפּרינץ, אַ פּרינץ, וואָס איין גאָט ווייסט ווען ער וועט אַרויפֿשטייגען אויפֿ'ן פֿירשטליכען טראָהן, איצט אָבער האָבען זיי שוין געזעהען אין איהם זייער קינפֿטיגען הערר. מען האָט איהם אַרומגערינגעלט מיט דער הויף־חניפֿה און צולעקעניש און די שטיקענדע הויף־אַטמאָספֿערע האָט איהם ביסלעכווייז אַריינגעזויגט אין זיך און בערויבט פֿון איהם די מעגליכקייט צו דענקען.

אַזוי זענען מאָנאַטען נאָך מאָנאַטען פֿערבײַ. דער הערבסט איז אַריבער, דער ווינטער, דער פֿריהלינג, אַ יאָהר איז פֿערבײַ. איהם אָבער האָט זיך געדוכט, אַז גאַנצע יאָהרען זענען שוין דורכגעלאָפֿען. ציטענווייז האָט איהם די פֿערצווייפֿלונג בעהערשט. ווען וועט שוין אַ סוף זיין? צי דען איז נאָך לאַנג צו וואַרטען? נאָר אויך די פֿערצווייפֿלונג, אַ ריין פּאַסיווע, האָט זיך אין גיכען געשטילט.

ער האָט אָנגעהויבען צו קרענקען. דער געזיכטס־קאָליר איז געוואָרען שאַרע. און ווען די דאָקטוירים האָבען איהם פֿאַר־געשריבען מעהר בעוועגונג, האָט ער גלייכגילטיג מיט די פּלייצעס געקוועטשט.

— איך בין גאַנץ געזונד.

אין זיין שרייבטיש איז געלעגען דאָס בלויע היטעלע, אַ דרייפֿאַרביגער זיידענער באַנד און דריי פֿערטריקנטע ראָזען, — די איינציגע ערינערונגען וועגען היידעלבערג.

היידעלבערג! ווען ער האָט זיך דערמאָהנט, האָט זיך איהם פּיינליך דאָס האַרץ צונויפֿגעפּרעסט.

אַלץ פֿערבײַ! אויף אייביג פֿערבײַ!

טיילמאָל האָט ער געפּרובט מיט לוץ'ן פֿערפֿיהרען אַ שמועס וועגען היידעלבערג. דער דאָזיגער מענש איז איהם געוועזן העכסט

אַנטיפּאַטיש, נאָר ער האָט איהם געלאָזט אַלס זײַן קאָמערדיענער פֿילײַכט נאָר דערפֿאַר, ווײַל ער איז געווען דער אײנציגער לעבענדיגער עדות פֿון יענער וואונדערשענער צײַט. און הערר לוץ האָט זיך בעמיהט איהם אַלץ געפֿעליג צו טהון און איהם פֿאָרגעשטעלט אונטער אַ ראָזיגען שײַן די פֿערבראַכטע צײַט אין היידעלבערג, וואָס איהם אַלײן איז פֿון איהר אין אמת'ען געבליבען נאָר אונאַנגענעהמע ערינערונגען. אָבער אין זײַנע רעד איז נישט געווען קײן אויפֿריכטיגקײַט און וואַרימקײַט.

איצט איז הערר לוץ געווען דער גליקליכסטער מענש אין הויף. זײַן ווײַט־זעהענדיגע און הכנעה'דיגע פּאָליטיק האָט איהם גלענצענדע רעזולטאַטען געבראַכט, — ער איז געווען דער נײַער פֿאַוואָריט, וואָס אַלע לאַקײַען האָבען געציטערט פֿאַר איהם. דער קאַמערדינער פֿון זײַן האָהײַט דעם פֿירשט האָט נאָך זײַן מאַכט בעזעסען, זײַנע טעג זענען שוין אָבער געצעהלט געווען: אויפֿ'ן האָריזאָנט פֿון הויף־לעבען איז אַ נײַער שטערען אויפֿגעגאַנגען — לוץ. און וועהרענד אין קאַרל־היינריך'ס ערינערונג איז דאָס בילד פֿון היידעלבערג און פֿון זײַן גאַנצען דעמאָלדיגען לעבען ביסלעכווײַז דונקעל געוואָרען, האָט לוץ'ס פֿאַנטאַזיע אַלץ מעהר און מעהר איהם דאָס דאָזיגע לעבען בעפּוצט. אמת, דאָרט איז געווען זעהר פֿיעל אונאַנגענעהמעס, קײן לעבענס־בעקוועמליכקײַטען איז אינגאַנצען נישט געווען, נאָר דאָך האָט זיך אין אַלגעמײַנעם נישט שלעכט געלעבט. אין אָוועגד פֿלעגט ער דערצעהלען דעם הויפּט־קוכער די אונגעוועהנליכסטע געשיכטעס וועגען זײַנע ליבעס, וואָס ער האָט דאָרט כלומר'שט געפֿיהרט, און דערבײַ האָט ער שטענדיג צוגעגעבען, אַז וועגען די אײנצעלהײַטען מוז ער, אַלס קאַוואַלער, פֿערשווײַגען. דאָס דאָזיגע היידעלבערג איז געווען די סיבה פֿון זײַן גליק און דערפֿאַר איז ער איהר טיעף דאַנקבאַר געווען.

דער דאָקטאָר איז געשטאָרבען ענדע ווינטער. די ידיעה וועגען זײַן טויט, וואָס דער הויפּט־דאָקטאָר פֿון שפּיטאָל האָט מיט'ן גרעסטען דרך־ארץ מיטגעטײלט זײַן האָהײַט דעם קרוינפּרינץ, האָט קאַרל־היינריך'ן שטאַרק דערשלאָגען, כאָטש ער

האָט עס פֿון טאָג צו טאָג ערוואַרט.

פֿון דעסטוועגען האָט דער פּרינץ געפֿיהלט, אַז ווען דער דאָזיגער טויט וואָלט געשעהן מיט אַ יאָהר צוריק, וואָלט ער ערשיטערט געוואָרען פֿיעל טיעפֿערער. ווען דאָס לעבען וואָלט זיי איצט נאָך אַמאָל צוגעפֿיהרט צוזאַמען, וואָלטען זיי זיך שוין מעהר נישט פֿערשטאַנען; דאָס האָט ער קלאָר אַנערקענט. איהם האָט זיך געדוכט, אַז איהם איז געשטאָרבען אַ מענש, וואָס איז איהם אַמאָל זעהר נאָהנט געווען, נאָר ווען ער זאָל לעבען בלייבען, וואָלט זיי שוין קיין זאַך מעהר נישט פֿערבונדען.

לויט דעם בעפֿעהל פֿון זיין האָהייט דעם קרוינפּרינץ האָט די קאַנצעלאַריע פֿון הויפֿמאַרשאַל צוגעשיקט צו דער קאָרפּאָראַציע „סאַקסאָניע” אַ קראַנץ, מיט דער ביטע, איהם אַרויפֿצולעגען אויפֿ'ן ראַט'ס קבר.

לויט דעם בעפֿעהל פֿון זיין האָהייט דעם קרוינפּרינץ האָט די קאַנצעלאַריע פֿון הויפֿמאַרשאַל געשטעלט אויף יוטנערס קבר אַ מצבה מיט דער פֿאָלגענדער אויפֿשריפֿט: „זיין פֿריינד און לעהרער — דער דאַנקבאַרער קאַרל-היינריך, פּרינץ פֿון קאַרלבורג.”

און קעטי?

יאָ, קעטי!

וואָס איז זי איצט? אַפֿילו איהר בילד האָט ער נישט געהאַט. די קליינע פֿאָטאָגראַפֿישע קאַרטע, וואָס זי האָט איהם איין מאָל געשענקט, האָט ער נישט געקאָנט געפֿינען אין די קאַסטענס, וואָס זענען איהם נאָכגעשיקט געוואָרען פֿון היידעלבערג; נאָר איהר בילד איז אויף אייביג געווען אין זיין האַרצען איינגעפֿאַסט. קעטי!...

אויך זי האָט פֿאַר איהם אויפֿגעהערט צו עקזיסטירען.

אויף זיין שרייבטיש איז אין אַ גאָלדענער ראַהם געשטאַנען די פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון זיין קוזינע, די יונגע זאַקסישע פּרינצעס'ן, וואָס מיט איהר איז ער אַ חתן געוואָרען לויט דעם פֿערלאַנג פֿון שטאַרבענדען פֿירשט. זי האָט געהאַט אַ פֿיין געזיכט, לעבעדיגע אויגען; איהר גאַנצע פֿיגור איז געווען העכסט שעהן.

קאַרל-היינריך איז נישט געווען געגען דעם שידוך. די פּרינ-

צעסין אין געװעזען מיט אַ יאָהר עלטער פון איהם, נאָך קינדװײז האָבען זײ זיך בײדע צוזאַמען געשפּיעלט און דער שידוך איז גע־װען נױטיג צוליעב מלוכה'שע סיבּות און אױך איז ער געװען געװאונשען פון בײדע משפּחות. נאַטירליך האָט איצט װעגען חתונה קײן רעד נישט געקאָנט זײן.

— קעטי!... קעטי!...

# זיעבּענטעס קאַפּיטעל.

דער פירשט איז בּעגראָבען געװאָרען אין דער אַלטער פירשט־ליכער מערה אין מאַריענבּורג, און אין קאַרלבּורג האָט אָנגע־הױבּען הערשען קאַרל־הײנריך.

נאָר די אומעטיגע שטימונג, װאָס די קראַנקהײט פון פירשט און דערנאָך זײן טױט האָבּען אין לאַנד געמאַכט, איז נאָך אַלץ נישט פערבּײ. דער פירשט איז געװען פינסטער, און אַזױ װי ער איז אױך געװען זײן גאַנץ פירשטענטום.

— זײן האָהײט איז דערשלאָגען דורך דעם טױט פון פער־שטאָרבּענעם פירשט, — האָבּען מענשען גערעדט, נאָר זײ האָ־בּען דאָס אַלײן נישט געגלױבּט.

װאָס האָט מען אַלץ נישט ערװאַרטעט פון דעם יונגען, זאָגאַר נאָך צו יונגען פירשט. מען האָט געמײנט, אַז אַ נײע בּעסערע צײט איז אָנגעקומען, אַז קאַרל־הײנריך װעט מיט זײן הערשונג אַרײנבּרענגען אַ נײעס, פרישען שטראָם, מען האָט ער־װאַרטעט שמחות, בּאַלען, יאַגדען, װיזיטען פון די אױסלענדישע קעניגען, — דאָס אַלץ איז נישט געשעהן.

און װאָס פאַר אַ סימפּאַטישער און ליעבּער קרױנפּרינץ קאַרל־הײנריך איז געװען! װאָס אַנ'אמת, נאָך אין זײן קינדהײט איז ער שױן געװען קאַלט אין אומגאַנג מיט מענשען, נאָר דאַן איז ער דאָך נאָר אַ קינד געװען.

װען זײן האָהײט איז איצט דורכגעפאָהרען איבּער די גאַסען פון זײן הױפּטשטאָדט אין דער בּעגלײטונג פון אַ אדיוטאַנט, האָט ער קאַלט און גלײכגילטיג געענטפערט אױף די בּעגריסונגען פון

דער מאַסע. ער האָט אין אָפיציעלע אוידיענצען אָנגענומען דע־פוטאַציעס פון די שטעדט און האָט פאַר זיי אפילו קיין בעגריסונגס־רעדע נישט געהאַלטען. פאַר די לעצטע יאָהרען איז דער אַלטער פירשט געוואָרען אַ אומעטיגער מיזאַנטראָפּ, און דער יונגער פירשט איז ווייזט אוים נישט נאָר נישט בעסער געווען פאַר איהם אין דער הינזיכט, נאָר נאָך ערגער.

— ווען ער וועט חתונה האָבען, — האָבען די קאַמער־הערען און די הויפלייט זיך געטרייסט, — וועט אַלץ אַנדערש ווערען.

און דאָס זעלבע האָבען גערעדט אויך די בירגער.

אויפ'ן 30־טען מאַי איז בעשטימט געווען די חופה, דעם 4־טען יוני האָט דאָס יונגע פירשטליכע פּאָר פאָלק געדאַרפט אַריינפאָהרען אין די הויפּט־שטאָדט, אויפ'ן 5־טען יוני איז בע־שטימט געווען אַ פּאַקעלצוג פון די בירגער, אויפ'ן 6־טען יוני — דער ערשטער הויף־באַל, און אין די דריי ווייטערדיגע טעג, — אַלערליי אויפנאַהמען, אוידיענצען און שמחות. די קאַנצעלאַריע פון הויפמאַרשאַל האָט געאַרבייט טאָג און נאַכט, אין פּאַלאַץ און אין דער הויפּט־שטאָדט האָט געהערשט אַ פיעבערהאַפטע לעבהאַפ־טיגקייט. אַלע האָבען זיך געקאָכט, זיך צוגעגרייט, זיך אויפגערעגט. קאַלט רוהיג איז נאָר געבליבען דער, וואָס צוליעב איהם איז דאָס אַלץ געשעהן.

פּלוצלונג אַ טאָג צוועלף פאַר דער חופה איז פאָרגעקומען אַ מערקווירדיגער צופאַל, וואָס האָט אַלעמען נעצוואונגען צו רעדען וועגען דעם עטליכע טעג נאָכאַנאַנד.

אין פּאַלאַץ איז אָנגעקומען עפּעס אַ מערקווירדיגער מענש אין אַ אַלטען זעהר אַלטען פראַק און אויך אַזאַ אַלטען צילינדער. ער האָט אונבעדינגט פערלאַנגט, מען זאָל איהם אין פּאַלאַץ אַריינלאָזען און ערקלערט, אַז ער מוז מיט זיין האָהייט רעדען.

— דער דאָזיגער מענש, עקסעלענץ, הייסט קעלערמאַן,— האָט אַ קאַמערהער געמעלדעט דעם הויפמאַרשאַל—ער איז פון היידעלבערג און בעהויפּטעט, אַז ער איז געקומען אַהער לויט דעם בעפעהל פון זיין האָהייט, וואָס ער האָט איהם נאָך אין

היידעלבערג געגעבען.

זיין עקסעלענץ דער הויפמארשאל, וואס איז פאר די לעצטע טעג זעהר נערוועז געווארען דורך דער צופיעל-אנגעשטרענגטער ארבייט, האט בעפוהלען, מען זאל דעם דאזיגען סוביעקט נישט צולאזען צו זיין האהייט, נאר דער קאמערהערר האט עפעס אינ-סטינקטיוו דערפיהלט, אז דער דאזיגער קעלערמאן וועט פילייכט דעם פירשט פעראינטערעסירען. און ביי מיטאג האט דער קא-מערהערר וועגען איהם א שמועס פערפיהרט.

— קעלערמאן?

— יא, אייער האהייט, זיין פאמילען-נאמען איז קעלערמאן;

— פון היידעלבערג?

— פון היידעלבערג, אייער האהייט.

— גוט, איך וויל איהם זעהן. ביטע, פיהרט איהם אריין צו מיר נאך מיטאג.

רוהיג, נאך אלץ מיט דעם קאלטען, אונצוגענגליכען גע-זיכטס-אויסדרוק האט דער פירשט געענדיגט דעם מיטאג, נאר א גאנצער שטורם פון ערינערונגען האט זיך אין איהם ערוועקט. קעלערמאן! היידעלבערג! איינער פון יענע! ענדליך, ענדליך וועט ער דערזעהן איינעם פון יענע! קעלערמאן? מיט וואס איז ער ערגער פון אנדערע, דער אונגליקליכער?

קאלט גלייכגילטיג האט ער זיך געזעגענט מיט די הויפלייט, אריין אין זיין ארבייטס-קאבינעט און געעפענט דעם שרייבטיש,— דארט זענען געלעגען די בענדער, דאס היטעלע און די בלומען...

די לאקייען אין קארידאר האבען זיך צוגעוואונקען איינער צו'ם אנדערען און מיט די קעפ געשאקעלט. שוין צוויי שטונדען ווי דער דאזיגער סוביעקט זיצט ביי זיין האהייט. ווען זיי וואלטען געזעהן, ווי דער דאזיגער אלטער מאן אין אבגעטראגענעם פראק איז געזעסען אין שטוהל פון זיין האהייט, און דער פירשט האט איהם די האנד אויפ'ן אקסעל ארויפגעלעגט, זיך אנגעבויגען צו איהם און זיך בעמיהט א שמייכעל צו טהון מיט ציטערנדע ליפען.

— קעלערמאן, דו האסט מיין צוזאג נישט פערגעסען, גלייך פון היידעלבערג ביזטו געקומען צו פאהרען אין פראק און

צילינדער ?! לאָז מיך אַ קוק טהון אויף דיר, קעלערמאַן ! — און ער האָט צו'ם ערשטען מאָל פֿאַר די יאָהרען אַ לאַך געטהון. — דו אַליין האָסט זיך דערמאָהנט אָן מיר, קעלערמאַן, דו אַליין... דו ווערסט דאָ בלייבען... איך וועל דיר אַ אַמט געבען... ווען ביזטו געקומען צו פֿאָהרען ? היינט ? דו ביזט געוויס הונגעריג ? — ער האָט אָנגעקלונגען. — ברענגט ווײן און גיעט עפּעס צו פֿער־בייסען דעם דאָזיגען הערר. — ער איז זיך צוויי מאָל דורכגעגאַנ־גען איבער'ן צימער, דאַן איז ער געבליבען שטעהן פֿאַר איהם: — טהו נאָר אַ קוק אויף מיר, קעלערמאַן. איך האָב זיך שטאַרק פֿערענדערט ? דו האָסט מיך דערקענט ?

— ווי דען.

— יאָ ? דערקענט ? — ער האָט שוין מעהר נישט געלאַכט; ער האָט זיך מיט ביידע הענד פֿאַר'ן קאָפּ געכאַפּט און פֿערטראַכט געזאָגט: — צוויי יאָהר פֿערביי, און צוויי יאָהר האָט זיך פֿיעל געקאָנט פֿערענדערן.

אין אייניגע אויגענבליקען אַרום האָט ער אויפֿגעהויבען זיין מיעדען בליק אויף קעלערמאַנען, וואָס האָט איהם אַ פֿראַגע געשטעלט.

— ציי דו זאָלסט ברענגען אַהער דיין פֿרוי ? געוויס, קאָנסט ברענגען. נאָר דאָ וועט זי שוין נישט דאַרפֿען מיינע וועש וואַשען אַזוי ווי אין הײדעלבערג. אָדער, דו האָסט אפשר געמיינט, אַז דאָ אויך... — ער האָט ווידער אַ שמייכעל געטהון, און אַ שמיי־כעל האָט זיך אויך בעוויזען אויף קעלערמאַנס געזיכט. — נו דערצעהל, קעלערמאַן, דאָס איז דער עיקר... דערצעהל וועגען הײדעלבערג, וועגען אַלעמען.

נאָר די ערצעהלונג האָט זיך עפּעס נישט געקלעבט: קע־לערמאַן האָט נישט געקאָנט רעדען, ער האָט נאָר געקאָנט ענט־פֿערן אויף די געשטעלטע פֿראַגען.

יאָ, דער הערר בילץ איז נאָך אַלץ אַ מיטגליעד פֿון דער קאָרפּאָראַציע „סאַקסאָניע“, און דער קליינער האַמערשמידט אויך, ער איז דורכגעפֿאַלען אויף די לעצטע עקזאַמענס, און אויך דער הערר פֿאָן־בראַנזען. ער איז געוואָרען דער בעסטער פֿעכטמייס־

טער אין היידעלבערג ; און פון די איבעריגע איז שוין אין היידעלבערג קיינער נישטא.

— פאן-היידענרייך ?

— אין בערלין.

— פראנצוס ?

— אין בערלין.

— און דער דיקער קורט ענגעלברעכט ?

הערר קעלערמאן האט געמאכט א ערנסט געזיכט און געענטפערט מיט א פערשטיקטער שטימע :

— אין אמעריקע אוועקגעפאהרען.

הייסט עס נאר דריי זענען געבליבען אין היידעלבערג, נאר דריי פון יענער פרעהליכער קאמפאניע, וואס האט קיינמאל וועגען דער צוקונפט נישט געקלערט און שטענדיג נאר מיט דער געגענווארט געלעבט. אלע זענען זיך צעגאנגען אין פערשידענע זייטען, זיך צעפלויגען ווי די בלעטער אין הערבסט.

דער לאקאי האט געבראכט וויין און עסענווארג, און קעלערמאן האט זיך פלייסיג גענומען זיי צו פערניכטען. דאן האט ער נאך א לאנגער פויזע ווידער געדארפט ענטפערן אויף די פראגען : וואו איז בעגראבען געווארען דער ראט און צי האט ער זיין קבר געזעהן ? ווער וואהנט איצט ביי פרוי דערפעל ? צי טרינקט מען אין דער פריה וויין אין שלאס ? ווער איז דער פעכט-לעהרער ? נאך אלץ הערר רו ? צי ווערען נאך אלץ יעדען מאנטאג געמאכט שפאציער-רייזען קיין נעקארשטיינאך ?

— וואס טהוט פריילין קעטי ?

— קעטי ?

— נו, יא... די... וואס ביי רידער'ן ? — זיין שטימע האט א ציטער געטהון און ער איז שטארק רויט געווארען.

נאר קעלערמאן האט דאס נישט בעמערקט און געענטפערט גלייכגילטיג :

— אח די... זי איז נאך דארטען.

— ביי רידער'ן ?

— יא ביי רידער'ן.

— וואָס ... וואָס מאַכט זי?

— זעהר גוט.

— און זי איז נאָך אַלץ דאָרט? אַזוי ווי פריהער?

— יאָ.

קאַרל-הײַנריך איז צו'ם פענסטער צוגעגאַנגען. דאָרט, אין דער ווײַטען, הינטער דער ברײַטער לינדען-אַלעע פון פּאַלאַץ-פּאַרק, ליעגען ברײַטע פעלדער, אונענדליכע פעלדער; אונטען בײַ'ם צו'ם האָבען געשימערט פראַכטפולע בלומען, און איבער'ן טײַך האָבען זיך שוואַלבען געדרעהט.

דאָ האָט ער דורכגעלעבט צוויי גאַנצע יאָהרען, ווײַט פון פרעהליכען לעבען, בײַ'ם געלעגער פון אַ שטאַרבענדען, וואָס האָט זיך אָן איהם אָנגעקלאַמערט מיט זײַנע שטאַר-ווערענדע הענד, און ער איז צו שוואַך געוועזען און צו שרעקענדיג זיך פון זײַן דרוק פרײַ צו מאַכען.

צוויי בעסטע יאָהרען! צוויי יאָהר, וואָס האָבען איהם געקאָנט גליק ברענגען! זיי האָבען איהם געשײַנט אַ גאַנצע אײביגקײַט צו זײַן און פאַר זיי — זײַן יוגענד, זײַן כמעט פערגעסענע יוגענד. פערגעסען! ווי נאָר ווילענלאָזע נשמות קאָנען פערגעסען!

הײַדעלבערג, סטודענטען, קעטי — דאָס אַלץ זענען געוועזען ווײַטע, אונקלאָרע בילדער. און פּלוצלונג קומט דער דאָזיגער מענש און דערצעהלט וועגען אַלץ! ער זאָגט, אַז דאָרט איז נאָך אַלץ אַזוי ווי אַמאָל, אַז דאָרט אין הײַדעלבערג לעבען נאָך סטודענטען, אַז זיי שפּאַצירען, פרעהען זיך, טרינקען, לאַכען, לעבען — און דאָס אַלץ אָהן איהם, פּונקט ווי דער פּרינץ קאַרל-הײַנריך וואָלט קײנמאָל נישט עקזיסטירט.

טיעף פון צימער האָט זיך דערהערט קעלערמאַנס שטימע:

— נאָר פון דעסטוועגען איז שוין אין הײַדעלבערג נישט דאָס וואָס אַמאָל, — דאָס זאָגען אַלע.

— נישט דאָס וואָס אַמאָל?

— יאָ, ווען איהר זענט דאָרט געוועזען.

קאַרל-הײַנריך'ס אויגען האָבען אַ בליץ געטהון.

— דאָס זאָגט מען... דאָס זאָגען אַלע? הײסט עס, מען

גערענקט מיך נאך?

— א, יא!

— האט זיך עמיץ ערקונדיגט וועגען מיר? — ער האט דעם אלטען פאר'ן אקסעל אנגעחאפט. — האט זיך עמיץ געפרעגט, צי וועל איך אין גיכען קומען צו פאהרען אהער, פארוואס איך בין נישט געקומען?

— וואס דען, געפרעגט... זאגאר זעהר אפט.

— און די... קעטי?

— די? — קעלערמאן איז געוועזען אביסעל פערלעגען. ער האט זיך קענטיג בעמיהט צו דערמאהנען, ווער איז זי דאס אזוינס. ענדליך האט ער זיך דערמאהנט און געזאגט אזוי ווי פאר זיך, האלטענדיג דעם קאפ אראבגעלאזט: — קעטי, יא, איך גערענק, יא, יא! זי האט פיעל געוויינט.

* *
*

— איך בעט אייך, זארגט זיך וועגען דעם אלטען מאן, מיין טייערער הויפמארשאל. איך קען איהם נאך פון היידעלבערג און איך וואלט וועלען איהם ווי עס איז פערזארגען.

דער הויפמארשאל איז געוועזען גליקליך. דאס זענען געוועזען די ערשטע ווארימע ווערטער, וואס ער האט געהערט פונ'ם מויל פון זיין האהייט. און מיט וואס פאר א מאדנעם טאן ער האט עס געזאגט, מיט א ווייכען, הארציגען, נישט אזא הארטען און הויכמוטיגען ווי פריהער. וואס איז געשעהן מיט איהם? „מיין טייערער הויפמארשאל!“

דער הויפמארשאל אליין האט קעלערמאנען אריינגעפיהרט אין צימער, וואס מען האט פאר איהם צוגעגרייט, די לאקייען האבען גאר נישט געוואוסט וואס צו טהון מיט דעם דאזיגען מערקווירדיגען אלטען מאן, און קעלערמאן האט געקאנט זיין גאנץ צופריערען מיט'ן קבלת פנים.

נאר וואס איז געשעהן?

דער פירשט האט זיך ביז שפעט אין דער נאכט נישט געלעגט שלאפען.

די יוגענד, די פערגעסענע, פערלוירענע יוגענד האט נאך א מאל א בליק געטהון פאר איהם און קארל-היינריך'ס מיעד, פער־שטיינערט הארץ האט זיך פיינליך צוזאמענגעפרעסט.

באלד וועלען זיך אנהויבען די חתונה-שמחות און דאן וועט זיך אנהויבען ציהען דאס געמאסטענע פאמיליען-לעבען מאנאטאן, בלאס, אלץ לויט דעם אויסגעטרעטענעם שאבלאן, אהן דער מינדעסטער ענדערונג.

א, ווי איהם ווילט זיך, אז נעבען איהם זאל זיך געפינען עמיץ א נאהנטער מענש און זאל איהם זאגען: — קארל-היינריך, דו מוזט עס אלץ איבערטראגען, אז עמיץ זאל איהם טרייסטען אדער בערוהיגען, אדער...

— גאט מיינער, גאט מיינער!

ער איז אויסער זיך געווען.

די דאזיגע טויט-שטילקייט...

אין פארק האט דער נאכט-ווינד שטיל בעוועקט די בלעטער, נאר דער פאלאץ איז געשלאפען... קארלבורג איז געשלאפען, די שטאדט, דאס לאנד — אלץ איז דא געשלאפען...

און דארט?...

האלבע נאכט...

זיי זיצען ביי רידער'ן אין גארטען, זינגען, טרינקען, לאכען, קוקען אויפ'ן זייגער און זאגען: „נאך נישט מעהר ווי צוועלף".

דורכ'ן גארטען געהט פערביי קעטי אין איהר ווייסען פאר־טוך, זי געניצט און רייבט זיך די אויגען; אלע לאכען און ער שטרעקט אויס צו איהר דאס גלאז: „טרינק, קעטי, זיי פרעהליכער!"

— לחיים דיר, קארל-היינץ!

וואס איז דאס? ווער האט דאס א געשריי געטהון? ער איז אויפ'ן שפרונגען און אנגעשטעלט א בליק אין א האלב-דונקעלען ווינקעל. דאס האט מען פון דארטען א געשריי געטהון!

דאס איז געווען דעם דאקטארס שטימע: „לחיים דיר, קארל, פאר דיין גליק!"

א לייכטער ציטער האט דעם פירשט בעהערשט. ער איז אבגעגאנגען פון פענסטער, ליכטיגער געמאכט די לאמפ און מיט

אַ מאָל אויסגעטרונקען אַ גלאָז ווײַן.

„פֿאַר דײַן גליק!“ יאָ, ער איז גליקליך, גליקליך! חא, חאַ, חאַ! אַ וואויל גליק!

ער האָט זיך ווידער אָנגעגאָסען אַ גלאָז ווײַן, עס הויך אויפֿגעהויבען און אויסגעשריען:

— דאָקטאָר!

אַ טויט-שטילקייט.

— פֿאַר דײַן גליק!

* * *

הערר לויץ איז געזעסען אין קאָרידאָר און געקעמפֿט מיט דער שלעפֿריגקייט, וואָס האָט איהם בעהערשט: נאָך קיינמאָל איז איהם אין קאַרלבורג נישט אויסגעקומען אַזוי שפּעט צו זיצען. עטליכע מאָל איז ער צוגעגאַנגען צו די טהירען און זיך איינגע־הערט, צי איז זײַן האָהייט בײַ'ם טיש נישט אײַנגעשלאָפֿען, נאָר נײַן, פֿון קאַבינעט האָבען זיך שטיל געהערט די טריט פֿון פֿירשט, וואָס איז די גאַנצע צײַט אַרומגעגאַנגען הין און צוריק.

וואָס איז געשעהן!

נאָר לויץ איז נישט אימשטאַנד געווען צו קלערען. ער איז אַזוי מיעד געוואָרען! גוט, וואָס דער פֿירשט וועט אין גיכען חתונה האָבען. אָ, דאַן וועט ער זיך צו דער צײַט לעגען שלאָ־פֿען און בכלל וועט דאָס גאַנצע לעבען אַנדערש געהן.

ענדליך — דרײַ נאָך האַלבע נאַכט איז שוין געווען — האָט זיך אַ קלונג דערהערט.

— איך געה! — לויץ איז אויפֿגעשפּרונגען און אין אַ סע־קונדע אַרום איז ער שוין געווען אין קאַבינעט פֿון זײַן האָהייט.

דער פֿירשט איז בײַ'ם פֿענסטער געשטאַנען. אין דרויסען האָט שוין געטאָגט.

— לויץ, הײַנט וועלען מיר שוין נישט קאָנען שלאָפֿען. וועקט אויף די דיענער, הייסט זיי אײַנפּאַקען די קאַסטענס, ניעט וויסען זײַן עקסעלענץ דעם הויפֿמאַרשאַל, אַז איך פֿאָהר אַוועק:

— פֿאָהר...

איהר וועט פֿאָהרען מיט מיר אין היידעלבערג.

— אין היידעלבערג...

מיר וועלען דארט פערברענגען א טאָג אָדער צוויי; זונטאָג אָווענד וועלען מיר שוין צוריק זיין. איילט זיך צו. יעדע מינוט איז טייער.

הערר לוץ איז ארויס פון קאבינעט, ערשיטערט פון דער אונגעריכטער נאכריכט.

קארל-היינריך איז געשטאנען ביי'ם פענסטער מיט א שיי־נענד געזיכט, איינגאנצען בעגאָסען מיט די שטראהלען פון דער אויפגעהענדער זון.

— נאָך אמאל אהין... אין היידעלבערג!

# אכטעס קאפיטעל.

ווען דער אויפגעוועקטער הויפמארשאל און די קאמערהעררען זענען געקומען מיט אונרוהיגע געזיכטער אויפ'ן וואקזאל, איז שוין דער קוריער-צוג לאנג געהאט אבגעגאנגען.

עס איז געווען זעקס אוהר אין דער פריה.

אלע האָבען זיך ארומגעשטעלט ארום דעם נאטשאלניק פון דער סטאציע, וואָס האָט אליין גארנישט פערשטאנען און האָט אויף אלע פראגען געענטפערט, אז קורץ פאר'ן אנקומען פון צוג איז אויפ'ן וואקזאל געקומען זיין האהייט, געהייסען אבשטעלען דעם צוג און איז אוועקגעפאָהרען נאר אין דער בעגלייטונג פון זיין איין קאמערדינער.

— נאר וואָס איז אווינם דאך געשעהן?

— וואָס... וואָס?

און דער הויפמארשאל, א צעמישטער, האָט געקוקט אויף דרום-זייט, אהין, וואו עס האָבען זיך אוועקגעצויגען די שינעס, וואָס האָבען זיך אונטער דער זון ווי זילבער געלויכטען.

* * *

אזוי איז קארל-היינריך געפאָהרען אין היידעלבערג.

עס איז געווען אויך אזא מאי-טאָג ווי דאן, מיט צוויי יאהר צוריק.

פֿאַר איהם זענען דורכגעלאָפֿען די זעלבע דערפֿער, מיהלען, פֿעלדער, פֿון ווייטען האָבען זיך בלויליך די בערג געשפּיגעלט. דער צוג איז געפֿלויגען צו דרום צו.

די זון, די הייסע, די בלענדענדע זון האָט העל געשיינט.

דער פֿירשט האָט פֿערדוקט די בלויע פֿאָרהאַנגען פֿון די פֿענסטער און די אויגען פֿערמאַכט: ער איז מיעד געוואָרען. דרייסיג שטונדען איז ער נישט געשלאָפֿען, און די שטאַרקע אויפֿרעגונג האָט זיך איצט אין איהם אומגעביטען אין אַ טיעפֿע גלייכגילטיגקייט.

צו וואָס פֿאָהרט ער אין היידעלבערג? דאָרט, אין קאַרלבורג, האָבען זיך איצט אלע געבראָכען דעם קאָפּ, וואָס קאָן דאָס בעדייטען, און אלע, פֿון דעם איינפאַכען שטאַהל־קנעכט ביז'ן מיניסטער, וואָלטען איהם אויסגעלאַכט, ווען זיי וואָלטען זיך דערוואוסט די סיבה פֿון זיין רייזע. ער טהוט אַ נאַרישקייט, וועלכע מען קאָן נאָר אַ סטודענט פֿערצייהען. דאָס איז אַ קינדערשער קאַפּריז.

ער האָט זיך נערוועז פֿאַר'ן קאָפּ געחאַפּט: דאָס בעסטע וואָלט געווען צוריקצוקעהרען אין קאַרלבורג און פֿערגעסען זיינע דאָן־קיחאָטישע געפֿיהלען.

נאָר דאַדורך וואָלט ער נאָך ערוועקט אַ גרעסערע פֿערוואונדערונג. ער טאָר זיך נישט ערלויבען אזעלכע נאַרישקייטען צו טהון, אויף איהם זענען אנגעווענדעט אלע בליקען און די מינדעסטע פֿון זיינע טהאַטען ווערען אונבאַרמהערציג קריטיקירט.

עס איז ··הם דושנע געוואָרען, ער האָט אָבגערוקט די פֿאָרהענגלעך און דעם קאָפּ אין דעם פֿענסטער אַרויסגעשטעלט.

אליין איינס! זאָלען אלע לאַכען פֿון איהם, בערעדען איהם — היינט איז ער פֿריי!

פֿאָרווערטס! ווי שנעל דער צוג לויפֿט! אליין ווייטער! קיינער וועט איהם נישט דעריאָגען! ער דערווייטערט זיך אליין ווייטער און ווייטער פֿון דער בילענדער מחנה: ער איז פֿריי. ער האָט די אויגען פֿערמאַכט און דער ווינד, וואָס דער צוג האָט אָנגעמאַכט, האָט איהם גלייך אין פנים אַריין געבלאָזען. איהם איז

געוועזן אַנגענעהם, — דאָס איז געוועזן ווי אַ קאַמפּף מיט די נאַטור-עלעמענטען.

ער האָט געהאַט דאָס זעלבע געפֿיהל ווי דאַן, ווען ער האָט זיך דועלירט מיט׳ן לאַנגען „וואַנדאַל“, וואָס האָט אָבגעווענדעט זיינע אָנפֿאַלען און איהם איין קלאַפּ נאָכ׳ן צווייטען איבער׳ן פּנים געגעבען!

קאַמפּף! אָט דאָס איז דאָס שענסטע אין דער וועלט! קיין זאַך איז נישט שרעקליכער ווי אַ צושטאַנד פֿון פֿריעדען, ווי אַ פֿאַרבלאָזע און מאָנאָטאָנע עקזיסטענץ. זיינע אַלע מוסקעלען האָבען זיך אָנגעשטרענגט. פֿאָרווערטס, פֿאָרווערטס! נאָך היינט אָוועגד וועט ער זיין אין היידעלבערג! יענע דאָרטען, אין קאַרלבורג, האָבען איהם נאָך נישט בעזיעגט, ער האָט נאָך מוט געהאַט זיך צו בעשליעסען צו מאַכען די דאָזיגע אונזיניגע, אונוואַהרשיינליכע רייזע! בראַוואָ! ווי ער וועט לוסטיג אַ לעב טהון! ער וועט פֿערברענגען נאָר צוויי טעג, נאָר דאָס וועלען זיין לוסטיגע, פֿריידיגע טעג! ער האָט באַלד אויפֿ׳ן קול אָנגעהויבען זינגען סטודענטישע ליעדלעך.

ער איז נאָך יונג געוועזן: ער איז אַלט געוועזן נאָר צוויי און צוואַנציג יאָהר. פֿאַר איהם האָט דאָס גאַנצע לעבען געדאַרפֿט זיין אָפֿען, און מען האָט פֿון איהם לופֿט און ליכט גערויבט.

* *
*

דער צוג האָט זיך אָבגעשטעלט אין פֿראַנקפֿורט. דער וואַגאָן, וואָס אין איהם איז דער פֿירשט געזעסען, איז אויסגעקומען פּונקט געגען דעם בופֿעט-זאַל, וואוהין דאָס גאַנצע פּובליקום האָט זיך אַ לאָז געטהון. פֿאַרוואָס געהט ער פֿון וואַגאָן נישט אַרויס, אַזוי ווי דעמאָלט, בשעת זיין ערשטער רייזע מיט׳ן דאָקטאָר? קיינער קען איהם נישט אויסער לוי׳ן און פֿיליפּ׳ן נאָך עטליכע קאָנדוקטאָרען.

— דער צוג שטעהט צוואַנציג מינוט!

קאַרל-היינריך איז פֿון אָרט אויפֿגעשטאַנען און שוין געהאַט געשטעלט אַ פֿוס אויפֿ׳ן שוועל פֿון וואַגאָן. נאָר גלייך האָט ער זיך צוריק אַ וואָרף געטהון און די טהיר צוגעקלאַפּט. ער האָט נישט

געקאָנט: ער איז געוועזען נאָך ווענינער זעלבסטשטענדיג ווי דעמאָלט. עס איז אייגענטליך אַזוי לײַכט געוועזען אַרויסצוגעהן פון וואַגאָן, אַרײַנגעהן אין בופעט, צורופען דעם קעלנער און אַזוי ווײַטער; נאָר ער האָט דאָס נישט געקאָנט טהון.

נישט געקאָנט. ער האָט נאָך איין מאָל אַ פּרוּב געטהון, נאָר אַ קאַלטער שווײַס איז איהם אויפ'ן שטערן אַרויס.

דער צוג איז שוין לאַנג פון פראַנקפורט אַרויס, און דער פירשט איז נאָך אַלץ געזעסען אונבעוועגליך, בלאַס, זײַן בליק איז געווען אָנגעשטעלט אויף די וואַנד און די הענד זענען מאַטלאָז געהאַנגען.

ער איז אַ מאַריאָנעטע, וואָס קאָן נאָר טאַנצען דאַן, ווען מען גיעט זי פאַר'ן שנירעל אַ ציה. ער איז הילפלאָז און שרעקענדיג ווי אַ קינד.

ער האָט בײַז אַ לאַך געטהון. ער האָט זיך דאָס געוואָלט אויף די פרײַהײַט אַרויסרײַסען! ער, וואָס קאָן קיין טריט אַליין נישט טהון! ער, וואָס זעהט אַלץ פונקט פערקעהרט ווי אַלע! ער, וואָס ער האָט נישט אין זיך קיין איין טראָפען אויפריכטיגקײַט און אײַנפאַכקײַט.

דער אָוועגד איז אָנגעקומען. דער צוג איז געפלויגען מיט דער גרעסטער שנעלקײַט.

אָט איז ווײַנהײַם, דאָרט האָט דער פּרינץ אַ גאַנצע נאַכט געטאַנצט מיט אַ בלאָנדע מעדעל.

יוגענהײַם. אַ לײַכטער שמײכעל האָט זיך אויף זײַן בלאַסען געזיכט בעוויזען. דאָ האָט געטראָפען די לוסטיגע אוואַנטורע מיט דעם פרויען־פּאַנסיאָן פון דאַרמשטאַדט.

און דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען מיט צוויי יאָהר צוריק! נאָר צוויי יאָהר!

נאָך צעהן מינוט, אַכט, פינף, דרײַ... די ערשטע הײַזער האָבען זיך בעוויזען... און ענדליך — דער נעקאַר!...

זײַן האַרץ האָט שרעקליך געקלאַפּט.

— הײַדעלבערג! דער צוג שטעהט פינף מינוט!

און דעמאָלט האָט דער דאָקטאָר געזאָגט פלעגמאַטיש ווי זײַן

שטײַגער איז: „און פֿאַר אונז אַ גאַנץ יאָהר!"

ער האָט לײַכט אַ שמײכעל געטהון, זיך אָנגעשפּאַרט אָן טהירעל און כמעט אונבעוואוסטזיניג ווידערהאָלט

— צוויי טעג, צוויי טעג, צוויי...

ער איז פֿון וואַגאָן אַרויס און זיך געזעצט מיט לוץ'ן אין אַ עקיפּאַש. יעדעם הויז, וואו זיי זענען פֿערבײַגעפֿאָהרען, איז איהם בעקאַנט געוועזען; ער האָט אויפֿמערקזאַם געקוקט אויף אַלץ, וואָס ער האָט פֿאַר די אויגען געטראָפֿען, נאָר זײַנע געדאַנקען האָבען ווײַט געשוועבט. ער האָט געקלערט נאָר וועגען דאָקטאָרס פֿראַגע: „און פֿאַר אונז אַ גאַנץ יאָהר!" דאָס דאָזיגע יאָהר איז פֿאַר'ן אָרימען יוטנער פֿערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ גאַנצע אײַביגקײַט: ער שלאָפֿט דאָ, אין היידעלבערג, אין אַ שלאָף, פֿון וועלכען מען וואַכט שוין נישט אויף. נאָר אין די דאָזיגע מחשבות זײַנע איז גאָר קיין סענטימענטאַלעס נישט געוועזען. ער האָט געטראַכט מעחאַניש, זיך דערפֿון קיין רעכנונג נישט אָבגעגעבען. ער האָט געטראַכט וועגען דאָקטאָר אויך אַזוי ווי ער וואָלט געקאָנט טראַכטען, אַז דרײַ מאָל נײַן איז זיעבען און צוואַנציג.

דער עקיפּאַש איז אַרויפֿגעפֿאָהרען אויפֿ'ן באַזאַר־פּלאַץ. אָט איז דאָס הויז פֿון פֿרוי דערפֿעל, וואו ער האָט אַמאָל געוואָהנט.

ער האָט דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזט.

— יאָ, יאָ!

אין האָטעל „פּרינץ קאַרל" האָט הערר לוץ אײַנגערוימט עטליכע ווערטער אין אויער דעם שווייצער און דעם פֿערוואַלטער, און אין עטליכע מינוט אַרום זענען אַלע שטוב־מענשען אויף די פֿים געוועזען.

אַלע האָבען זיך טיעף געבוקט פֿאַר איהם, און דער פֿירשט איז מיט אַ אײַזקאַלטען געזיכטס־אויסדרוק אַריבערגעגאַנגען אין די צימערען, וואָס מען האָט פֿאַר איהם בעשטימט, פֿערבײַ די לאָקײַען, וואָס זענען געוועזען אויסגעשטעלט אויף בײַדע זײַטען פֿון די טרעפּ, גאָר אַזוי ווי אין קאַרלבורג.

ווען דער הערר לוץ האָט מיט אַ אַנגסטפֿולען בליק זײַן העררן די האַנד אויסגעשטרעקט. האָט זיך דער פֿירשט שווער

אויף איהר אָנגעשפּארט.

לויז האָט איהם צוגעפיהרט ביז צו א שטוהל און געמאכט א צייכען די לאָקייען, זיי זאָלען די טהיר פערמאכען.

דער פירשט איז איינינגע מינוט געזעסען מיט פערמאכטע אויגען.

— אייער האָהייט...

— וואס? — ער האָט די אויגען געעפענט און זיך ארומגעקוקט, אזוי ווי ער וואָלט ערוואכט פון א לאנגען, שווערען שלאף.

— אייער האָהייט איז מיעד געוואָרען, אייער האָהייט איז נויטיג זיך אָבצורוהען.

און ווען דער פירשט האָט א קוק געטהון אויף איהם מיט א גלעזערנעם בליק, האָט ער צוגעגעבען:

— אייער האָהייט איז אין היידעלבערג.

— יאָ, יאָ.

א מיעדער, פוילער שמייכעל האָט זיך אויפ'ן פירשטענס געזיכט בעוויזען. לויז האָט עס נישט בעמערקט, און ווען ער וואָלט עס אפילו יאָ בעמערקט, וואָלט ער עס זיכער נישט פערשטאנען.

— אין היידעלבערג... גאנץ ריכטיג. יאָ, איך וויל שלאָפען.

* * *

אין ריינע פראקען, מיט דריי־פארביגע בענדער איבער די טייך־אויסגעשניטענע וועסטען, ריין אָבגעגאָלט און צוגעקעמט האָבען די מיטגליעדער פון „סאקסאָניע" זיך פערזאמעלט אין עמפּפאנגס־צימער פון זיין האָהייט. די גאנצע קאָרפּאָראציע איז בעשטאנען פון פינף „אלטע סטודענטען", צעהן „בורשען" און אכט „פוקסען".

עס איז געווען צעהן אוהר אין דער פריה.

די סטודענטען זענען געשטאנען גרופּענווייז און זיך שטיל בעס'וד'עט. הערר בילץ איז געגאנגען פון איינעם צו'ם צווייטען און געגעבען די נויטיגע ערקלערונגען די יונגסטע פון די סטודענ־

טען; נאָר ער אַליין איז אויך געװעזען שטארק אויפגערעגט. אויב־
וואויל ער איז אין הײדעלבערגער אוניװערזיטעט שוין געװעזען פיער
און צוואַנציג סעמעסטער און איהם איז אויסגעקומען צו האָבען
צו טהון מיט מענשען פון פערשיעדענע שטאַנדען, נאָר מיט אַנ־
אמת׳ען פירשט איז איהם איצט דאָס ערשטע מאָל אויסגעקומען
צו רעדען. ער האָט זיך אײנגעחזר׳ט די רעדע, וואָס מיט איהר
האָט ער זיך געװאָלט װענדען צו׳ם פירשט, און איצט האָט זיך
איהם געדוכט, אַז זי איז בלאַס און נישטיג. די געפעהרליכסטע
זאַך אין דער װעלט זענען די קלײנע בעגריסונגס־רעדען: זײ קאָנען
אַרויסקומען צו קאַלט אָדער צו הארציג, דער מינדעסטער פאַל־
שער טאָן קאָן דעם גאַנצען אײנדרוק פערדאַרבען.

ער האָט אָבגעװישט זײן שטערען מיט אַ באַטיסטענע טיכעל
און איז װידער צוגעגאַנגען צו די „פוקסען״:

— איהר שטעהט דאָ, אויפ׳ן הינטערשטען פלאַן, ביז איך
װעל אײך אַ שאָקעל טהון מיט׳ן קאָפּ. איהר מעגט רעדען נאָר
דאַן, װען דער פירשט װעט אײך פרעגען. גאָט מײנער, װי זעהסטו
אויס, װינץ? וואָס איז דאָס פאַר אַ פראַק?

— איך האָב איהם אויף הײנט געבאָרגט בײ אַ קאָלעגע, —
האָט װינץ געענטפערט טרויעריג.

— אַח, אַח, אַח! — ביליץ האָט זיך אָבגערופען מיט אַ
טרויער־שטימע: — דו מוזט זיך שטעלען הינטער אַלעמען, דו
הערסט? אַזוי, אַז מען זאָל דיך נישט זעהן.

די קאָרפּאָראַציע איז געװעזען אין אַ פײערליכער שטימונג.
דער זאַקסען־קאַרלבורגער פירשט, וואָס איז אַמאָל געװעזען אַ מיט־
גליעד פון „סאַקסאָניע״, האָט אײנגעלאַדען צו זיך די גאַנצע קאָר־
פּאָראַציע! דאָס איז אַ אונערהערטער כבוד!

פלוצלונג האָט עמעס אַ הערר אין פראַק און מיט אַקסעל־
בענדער פײערליך די טהיר אויפגעפּראַהלט און זיך אַליין געשטעלט
אין אַ זײט מיט אַ זעהר חשיבות׳דיגער מיענע. אײניגע סעקונדען
זענען אַלע געבליבען אין ערװאַרטונג, דאַן האָבען זיך טריט דער־
הערט און אין טהיר האָט זיך דער פירשט בעװיזען.

ער איז געװעזען אין פראַק. דאָס געזיכט בלאַס, נאָר אויף

דער לינקער באַק האָבען זיך געזעהן צווייַ רויטע שראַמען. די רעכטע האַנד האָט ער עטוואָס אויפגעהויבען, אַזוי ווי ער וואָלט זי געוואָלט עמיצען דערלאַנגען, דעם ערשטען, וואָס ער וואָלט דערקענט.

נאָר אַלע האָבען זיך מיט דרך־ארץ פאַר איהם איינגעבויגט.

בילין איז אַרויסגעטרעטען פאָרווערטס:

— אייער האָהייט!...

ער האָט זיך בעגעגענט מיט׳ן בליק פון זיין אַמאָליגען גוטען פריינד, וועם האָט איהם ווי געוואָלט זאָגען: „וואָס געהסטו עפּעס נישט צו צו מיר? פאַרוואָס גיעסטו מיר עפּעס נישט די האַנד, קאַרל בילין?"...

און בילין איז פערלעגען געוואָרען:

— אייער האָהייט... געוואָלט... בעוויזען אונז אַ גרויסע עהרע... אונז בעלעבט אַ געפיהל פון גרעסטער... דאַנקבאַרקייט... און דעריבער... בעגריסען מיר מיט׳ן גרעסטען דרך־ארץ... דאָס אָנקומען פון אייער האָהייט אין הײַדעלבערג.

דער פירשט האָט געמאַכט אַ טריט פאָרווערטס און אַ שאָ-קעל געטהון מיט׳ן קאָפּ; זיין געזיכט איז געוואָרען קאַלט, אַפּאַטיש.

— זייט אַזוי פריינדליך, הערר בילין, שטעלט מיר פאָר אייערע קאָלעגען.

בילין האָט געפאָלגט. ער האָט נאַטירליך איבערגעגעבען אַלע נעמען, נאָר דאָס איז נישט וויכטיג געווען.

דער פירשט האָט מיט יעדען עפּעס גערעדט:

„וויפיעל סעמעסטער זענט איהר שוין אין הײַדעלבערג?" „איהר זענט יוריסט?" „וואו וואָהנען אייערע עלטערען?" „איהר רעכענט דאָ לאַנג צו בלייבען?" און אַזוי ווייטער.

ווען דאָס פאָרשטעלען איז געווען געענדיגט, האָט ער זיך ווידער געווענדעט צו בילין׳ן:

— איך בעט זעהר אייך און אייערע קאָלעגען מיינע געסט צו זיין; איך בעט אייך צו קומען אום דרייַ אוהר. איך פאָהר אַוועק היינט אָוועגד.

ער האָט זיך געזעגענט מיט זיי מיט אַ קוים בעמערקטער קאָפּ־בעוועגונג און אַרויס. דער הערר אין פֿראַק און מיט די אַקסעל־בענדער האָט די טהיר צוגעקלאַפּט — די אוידיענץ איז געווען געענדיגט.

פֿאַר'ן האָטעל זענען געשטאַנען צעהן אויסגעפּוצטע עקיפּאַזשען, וואָס אין זיי זענען די סטודענטען געקומען צו פֿאָהרען. לויט דעם צייכען פֿון שווייצער זענען זיי צוגעפֿאָהרען צו'ם גאַנעק, די סטודענטען האָבען זיך געזעצט און זענען צוריקגעפֿאָהרען. אַלע יונגע געזיכטער האָבען געשײַנט מיט שמחה און שטאָלץ, און גאַנץ הײַדעלבערג, די סטודענטען און די בירגער, האָבען זיך אָבגעשטעלט, ווען זיי זענען דורכגעפֿאָהרען, און זיי נאָכגעקוקט. דער פֿירשט האָט זיי עמפּפֿאַנגען אויף אַ פֿײַערליכע אוידיענץ, גליקליכע יונגען!

און קאַרל־היינריך איז געשטאַנען אין מיטען זיין צימער, אָנגעשפּאַרט אויפ'ן פֿאָרענץ פֿון שטוהל, און ביטער געשמייכעלט. אָט מיט וואָס זײַנע טרוימען האָבען זיך געענדיגט.

נאָך צוועלף איז דער פֿירשט אין אַ פֿערמאַכטען עקיפּאַזש געפֿאָהרען אויפ'ן בית־עלמין. ער האָט לאַנג געקעמפּפֿט און זיך געפֿרעגט, צי דאַרף ער ערפֿילען די דאָזיגע לעצטע פֿליכט, נאָר סוף כל סוף האָט ער זיך בעשלאָסען און איז געפֿאָהרען.

דער קברות־מאַן, וואָס האָט דעם פֿירשט נישט געקענט, האָט איהם צו'ם קבר צוגעפֿיהרט און זיך ענטשולדיגט פֿאַר איהם:

— דער קבר איז נאָך נישט אײַנגעריכטעט, פֿריהלינגס־צײַט האָבען מיר שטענדיג פֿיעל אַרבײַט; די קינפֿטיגע וואָך וועלען מיר אונבעדינגט אין אָרדנונג ברענגען.

— גוט.

ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגען, נאָר דער אונבעקאַנטער האָט צו איהם אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ:

— גוט, איך דאַנק אײַך,

דער גאַנצער קבר איז געווען געדיכט בעוואַקסען עפּעס מיט זילבעריגע גרעזלעך, אָהן אָרדנונג זענען געווען אָנגעוואָרפֿען פֿערוועלקטע קראַנצען מיט פֿערשמוציגטע בענדער, דער צוים איז

נאָך נישט געווען פֿערענדיגט און נאָר דער מארמאָר-קרייץ אַליין איז געשטאַנען אויף דעם פֿערלאָזענעם קבר. אויפֿ'ן קרייץ איז מיט גאָלדענע בוכשטאַבען געווען אויסגעקריצט די אויפֿשריפֿט: „זיין פֿריינד און לעהרער—דער דאַנקבאַרער קארל-היינריך פּרינץ פֿון קאַרלבורג".

לאַנג האָט קארל-היינריך געקוקט אויף דעם דאָזיגען קבר, וואָס קיינער האָט זיבער נישט בעזוכט פֿון זינט דעם דאָקטאָר'ס לויה אָן; ער האָט זיך איינגעבויגען און צו'ם אַנדענקען אַראָבגעריסען א זילבעריג בלעטעל, נאָר באַלד האָט ער וועגען דעם פֿערגעסען און עס ווידער אַראָבגעלאָזט אויף דער ערד.

מערקווירדיג, אז דער דאָזיגער קבר פֿון זיין איינציגען פֿריינד האָט איהם געלאָזט גאַנץ גלייכגילטיג, ער האָט א לאַך געטהון; דער דאָזיגער יוטנער, א לייכטזיניגער, גרונדלאָזער מענש, איז דאָך זיין ערציהער געווען!

ער איז געווען זיין איינציגער פֿריינד! וואָס פֿאַר א שאַנדע! א שכור, א פּלאַפּלער!

גאָר דאָך האָט זיך דער דאָקטאָר צו איהם בעצויגען האַרציג; דאָס קאָן מען פֿון איהם נישט צונעהמען.

פֿיעל גליקליכע שטונדען האָבען זיי צוזאַמען פֿערבראַכט. ער האָט זיך דערמאָהנט, ווי יוטנער האָט אין קאַרלבורג איהם געלאָזט פּאַפּיראָסען רויכערן. ער האָט א שמייכעל געטהון, היינט דאָ אין היידעלבערג! ער האָט זיך אומגעקוקט און געוואָרפֿען א בליק אויפֿ'ן שלאָס, וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט ווי א העלער פֿלעק צווישען דאָס גרינס וואָס ארום איהם. וואָס האָט ער אַלץ נישט אָבגעטהון, דער דאָזיגער משוגע'נער דאָקטאָר! ווי לוסטיג האָט ער געשפּיעלט אויף א האַרמאָניע דאָרט, אין דער הויך! דערזעהענדיג איהם פֿלעגען ענגלענדער און ענגלענדערינס זיך אָבשטעלען און א שמייכעל פֿלעגט זיך בעווייזען אויף זייערע איבּיג רוהיגע געזיכטער.

„לחיים דיר, קארל-היינריך, פֿאַר דיין גליק!"

דער פֿירשט האָט זיך איינגעבויגען איבער דעם פֿערלאָזענעם קבר:

— אָרימער דאָקטאָר!

ער האָט אַראָבגענומען פֿון קבר די פֿערבאָרגענע קרענץ, זיי אָבגעוואָרפֿען אָן אַ זייט און דאַן האָט ער אָנגעהויבען אַרויסצורייסען מיט ביידע הענד די מיסט-גראָז, וואָס האָט דעם קבר בעדעקט. אַזוי האָט ער געאַרבייט מעהר ווי אַ האַלבע שטונדע און דעם קבר אין אָרדנונג געבראַכט. ער האָט געוואָלט אַוועקוואַרפֿען די פֿערשמוציגטע הענדשקעס אין איין בערגעל מיט די קרענץ און מיט די מיסט-גראָז, נאָר דערנאָך האָט ער זיי איינגעלעגט און אין קעשענע אַריינגעשטעקט.

ווען ער האָט אין אַ האַלבע שעה אַרום דעם בית-עלמין פֿערלאָזט, איז איהם לייכטער געוואָרען אויפֿ'ן האַרצען; עס האָט געלויהנט צו קומען קיין היידעלבערג אפילו נאָר צוליעב דער איין שטונדע, וואָס ער האָט פֿערבראַכט אויפֿ'ן דאָקטאָרס קבר.

* *

*

דער שמועס ביי'ם טיש האָט זיך נישט געקלעבט. נאָר נישט דער פֿירשט איז שולדיג געווען דערין.

קאַרל-היינריך איז געזעסען אויבען-אָן ביי'ם גרויסען טיש צוזאַמען מיט בילץ'ן, וואָס האָט קוים מיט מיה זיין פֿערלעגענהייט בעזיעגט און די גאַנצע צייט מיט'ן פֿירשט געשמועסט. קאַרל-היינריך האָט צוויי מאָל מיט איהם געטרונקען: „לחיים אייך, טייערער בילץ!“ דאַן איז אויפֿגעשטאַנען דער פֿאָרזיצענדער פֿון דער קאָרפּאָראַציע און פֿאָרגעלעגט צו טרינקען לחיים פֿאַר דעם יעניגען, וואָס איז געווען און וועט זיין די ציערונג און שטאָלץ פֿון „סאַקסאָניע“, דערביי האָט ער צוגעגעבען, אַז די אָנוועזענהייט פֿון זיין האָהייט בעווייזט, אַז זיין האָהייט געדענקט נאָך יענע צייטען, וואָס קיינער פֿון די סטודענטען וועט נישט פֿערגעסען.

אַ בעטויבענדער „הורא“ האָט זיך דערהערט, די קעלנער האָבען אָנגעהויבען אַרומלויפֿען מיט פֿלעשער שאַמפּאַניער, גלעזער האָבען אָנגעהויבען קלינגען, און דער פֿירשט, נאָכדעם ווי ער האָט מיט זיין גלאָז אָנגעשטויסען אָן זיין שכנ'ס גלאָז, איז ער אויפֿגעשטאַנען פֿון אָרט און זיך פֿערנייגט אויף אַלע זייטען.

פֿון דער מינוט אָן איז די שטימונג געוואָרען לעבהאַפֿטער, און ווען דער פֿירשט האָט קורץ פֿאַר'ן סוף פֿון מיטאָג זיך געווענדעט צו די סטודענטען מיט עטליכע וואַרימע ווערטער, וועלכע ער האָט פֿערענדיגט מיט דעם אויסשרײַ: „סאַקסאָניאַ! וויוואַט, פֿלאָרעאַט, קרעסקאַט אין אַקטערנום!“, *) איז די לעבהאַפֿטיגקייט געוואָרען אַלגעמיין. אַלע סטודענטען האָבען איהם אַרומגערינגעלט מיט פֿאַר שמחה שײַנענדע געזיכטער.

נאָר אויבוואָהל זײַן האָהייט איז געווען זעהר פֿרײַנדליך, האַרציג, דאָך האָבען אַלע, אַפֿילו די יונגסטע פֿוקסען, געפֿיהלט, אַז קיין אמת'ע סטודענטישע לוסטיגקייט קאָן דאָ נישט זײַן, ווײַל קאַרל-היינריך האָט ווײַזט אויס קיין איין מינוט נישט פֿערגעסען, אַז ער איז דער זאַקסען-קאַרלבורגער פֿירשט.

דער דאָזיגער אומשטאַנד האָט זיך קלאָר אויסגעדריקט אין פֿאָלגענדען פֿאַקט. עס איז פֿערפֿיהרט געוואָרען אַ שמועס וועגען אַברײַזען, און ווען דער פֿירשט האָט אַ קוק געטהון אויפֿ'ן זייגער און בעמערקט, אַז ער פֿאָהרט אין אַ שטונדע אַרום, האָבען זיך אַלע געווענדעט צו איהם מיט דער ביטע, ער זאָל בלײַבען ביז מאָרגען. הײַנט וועט זיכער זײַן אַ וואונדערשענער אָווענד! מען וועט קאָנען פֿאָהרען אין שלאָס אָדער מאַכען אַ שפּאַציער אויפֿ'ן בעקאַר מיט מוזיק און אילומינאַציע!

דער פֿירשט האָט אַ שמײכעל געטהון, נאָר דער שמײכעל איז אַרויסגעקומען געצוואונגען.. סוף כל סוף האָט ער נאָכגעגעבען אַלעמענס ביטע.

נאָר פֿון דעם מאָמענט אָן איז ער געזעסען פֿינסטער, שווײַגענדיג, אַזוי ווי ער וואָלט זיך אַליין געמאַכט פֿאָרוויפֿע דערפֿאַר, וואָס די בעציהונגען צווישען איהם און די סטודענטען זענען געוואָרען צו פֿערטרויעט. און מערקווירדיג: אַלע האָבען דאָס זעהר גוט פֿערשטאַנען. די אַלגעמיינע לעבהאַפֿטיגקייט איז מיט אַמאָל שוואַכער געוואָרען, די געשפּרעכען זענען געוואָרען פֿויל, אויף די אויפֿגערעגטע געזיכטער האָט זיך אויסגעדריקט ענטטוישונג און די לעצטע גלעזער מיט ווײַן זענען געבליבען נישט אויסגעטרונקען.

אין שלאָס האָבען זיך אַלע געזעצט טרינקען קאַווע, און דאָ, אויף דער פרישער לופט, האָט זיך דער פירשט אָנגעהויבען האַלטען פרייער. אין גאָרטען האָט אַ אָרקעסטער געשפּיעלט. ערווייטערט אַבּיסעל זענען געזעסען פּראָפעסאָרען און בּירגער מיט זייערע פאַמיליען, — אַלץ בּעקאַנטע געזיכטער, און די דאַמען האָבען זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט געלעגט אויפ'ן יונגען פירשט. אָט מיט דער דאָזיגער קליינינקער דאַמעלע האָט ער געטאַנצט אין יוגענדהיים. זי איז שטאַרק רויט געוואָרען, ווען ער האָט אַ קוק געטהון אויף איהר.

דער רעקטאָר מיט זיין פאַמיליע איז פערבייגעגאַנגען. די סטודענטען האָבען איהם בּעגריסט, קאַרל-היינריך אויך. און דער רעקטאָר, וואָס האָט דעם פירשט נישט געקענט, האָט גלייכגילטיג זיין הוט אַ הויב געטהון.

גאָר אַזוי ווי אַ מאָל.

ווען דער פירשט האָט זיך געגעגען אָווענד געלאָזט געהן מיט דער קאָרפּאָראַציע שפּאַצירען אויפ'ן בּרעג פון נעקאַר, האָט איהם בּעהערשט עפּעס אַ געפיהל פון רוהיגקייט, געמישט מיט אַפּאַטיע. צוזאַמען מיט איהם איז געגאַנגען בּילץ און עפּעס דערצעהלט; ער האָט געהערט די געשפּרעכען פון די איבּעריגע סטודענטען, נאָר די אַלע שטימען האָבען איהם דערגרייכט אַזוי ווי ערגעץ פון דער ווייטען. איהם האָט זיך געדוכט, אַז ער איז אַ וואַנדערער, וואָס האָט בּעקומען איין טאָג אָבּרוה. מאָרגען מוז ווידער אַלץ ווערען ווי פריהער. אַהער, קיין היידעלבּערג, וועט ער שוין קיינמאָל נישט צוריקקומען. און ער האָט געטראַכט וועגען דעם אָהן אַ שום וועהטאָג אין האַרצען. אמת, די אַלע סטודענטען זענען אַזוי ליעב און אויפמערקזאַם, נאָר אין אמת'ען גערעדט איז ער דאָך פאַר זיי אַ פרעמדער מענש געוואָרען. דאָס אַמאָליגע „דו" און „קאַרל-היינץ" איז איצט פערבּיטען געוואָרען אין דאָס פייערליכע „אייער האָהייט". עס וועט איהם נישט פערדריסען, פאַרוואָס ער איז אין היידעלבּערג געפאָהרען, — דער דאָזיגער טאָג, וואָס ער האָט פערבּראַכט צווישען די סטודענטען, האָט איהם דערמאָהנט זיין יוגענד, זיין לאַנג פערגאַנגענע יוגענד.

ציטענוויי! האט ער א בליק געחארפען אויף בילץ'ן. עטליכע יאהר צוריק האט ער צוזאמען מיט איהם געהוליעט, אבגעשהוז פערשידענע סטודענטישע שטיקלעך, גערעדט מיט איהם „דו“, און איצט געהט ער נעבען איהם אזוי ווי א „בעגלייטער“, וואס דערצעהלט „זיין האהיים“ די געשעהענישען פון היידעלבערגער לעבען פאר די לעצטע צוויי יאהר.

ניין, אוועק פון דאנען! ער האט נאך היינט פון דאנען געדארפט אבפאהרען, די פערגאנגענהייט וועט שוין צוריק נישט קומען! און קיין זאך, קיין זאך, וואס וואלט איהם דערמאהנט זיין אמאליג לעבען, וואס וואלט אין איהם געקאנט ערוועקען די אמאליגע געפיהלען!

א, ווען זיי וואלטען איהם געזאגט מיט'ן גאנצען הארצען: „דו ביזט אונזער פריינד געווען, מיר האבען דיך געליעבט; איצט ביזטו ווייט פון אונז, נאר דאך וועלען מיר דיך אייביג געדענקען און קיינמאל נישט פערגעסען!“

נאר ניין, קיין אייןווארט!

— אט דארט איז דער אויסגום פון נעקאר, — האט בילץ בעמערקט.

— יא, דער אויסגום פון נעקאר.

* *
*

שפעט אין אווענד זענען זיי אין זעקס שיפלעך צוריקגעפאהרען אין היידעלבערג. אין פאדערשטען שיפעל האבען זיך אויסגעזעצט די מוזיקאנטען. וואס האבען געשפיעלט סטודענטישע לידער, — די דאזיגע לידער שיינען צו זיין אזוי לאנגווייליג פאר די, וואס הערען זיי יעדען טאג, און אזוי טייער פאר די, וואס הערען זיי צו'ם ערשטען מאל נאך פיעל יאהרען.

דער פירשט איז געזעסען ביי'ם סאמע ברעג שיפעל און געהאלטען די האנד אראבגעלאזט אין קיהלען וואסער פון נעקאר. די שיפלעך זענען שנעל געשוואומען, געטראגען פון דעם שטארקען שטראם פון טייך. נאך פון דער ווייטען האט מען אויפ'ן רעכטען ברעג געקאנט דערזעהן דעם צוים, וואס איז געווען העל בעלויכטען מיט פערשידענפארביגע לאמפיאנען.

— אָט אין רידערס רעסטאָראַן, — האָט בילץ בעמערקט.

— וואו? — האָט געפרעגט קאַרל-היינריך, ערוואַכענדיג פון זיין פערטראַכטהייט.

— אָט דאָרט, — האָט בילץ געענטפערט און אין אַ קורצע פויזע ארום האָט ער צוגעגעבען: — די סטודענטען בעזוכען איצט רידערן זעהר זעלטען. אייער האָהייט געדענקט נאָך געוויס רידערן? נישט איין נאַכט האָבען מיר דאָרט פערבראַכט.

— פאַרוואָס בעזוכען שוין די סטודענטען נישט רידערן?

— אייגענטליך איז קיין סיבה נישטאָ. סתם אזוי, ער איז ארויס פון דער מאָדע. אָדער אפשר ווייל דאָס ביער איז ערגער געוואָרען. איצט איז איהם שלעכט: נייע געסט האָט ער ווייניג און פון די אַלטע זענען אַלע איבערגעגאַנגען אין אַנ'אַנדער רעסטאָראַן.

דער פירשט האָט גאָרנישט געענטפערט. די לאַמפיאָנען האָט מען איצט געזעהן אַלץ קלאָרער און קלאָרער — דאָס זענען געווען אָרימע לאַמטערנעס מיט שטיקלעך ליכט, וואָס דער ווינד האָט זיי געטרייסעלט. די הונדערט-יעהריגע לינדענבוימער פון גאָרטען האָבען זיך ברייט אויסגעשפרייט איבער דעם שטיינערנעם צוים און זייערע צווייגען זענען איבער'ן וואַסער געהאַנגען. דער אָרקעסטער האָט אויפגעהערט שפּיעלען, דאָס שווייגען איז געשטערט געוואָרען נאָר דורך דאָס פּלעסקען פון די וויאָסלעס און די געשפּרעכען, וואָס האָבען זיך אונקלאָר געהערט פון די הינטערשטע שיפלעך.

דאָס שיפעל, וואו דער פירשט איז געזעסען, איז פערביי געפאָהרען פאַר'ן גאָרטען, וואָס איז כמעט לעדיג געווען. צוויי דריי געסט זענען געשטאַנען רעכטס ביים צוים. אויפ'ן ברעג פון טייך, אָנגעשפּאַרט אָן צוים, איז געשטאַנען עפּעס אַ פרויען-פיגור. איהר געזיכט איז נישט מעגליך געווען צו דערקענען, מען האָט נאָר געזעהן דונקעלע קאָנטורען.

די לאַמפיאָנען זענען פון הינטען געבליבען.

אָט איז רידערס רעסטאָראַן. און ער איז שנעל פערשוואונדען אין דער נאַכט-פינסטערניש.

אויפ'ן ערשטען שיפעל האָט דער אָרקעסטער אָנגעהויבען

רוישיג און שאַרף צו שפּילען די אוווערטורע פון אַ אָפּערעטע.

פלוצלונג האָט זיך דער פירשט אונטערגעהויבען. אַ קאַלטער שווייס איז איהם אויפ'ן שטערן אַרוים.

— צוריק!

— וואָס? — האָבען פערוואונדערט איבערגעפרעגט דעם פירשטענס בעגלייטער, וואָס האָבען זיך דורך דעם דאָזיגען אויסגעשריי אויפגעכאַפּט פון זייער פערטראַכטהייט.

— הייסט פאָהרען צוריק, צו רידערן.

— צו רי...

— נו יאָ.

בילץ איז אַריין אין אַזאַ פערלעגענהייט, אַז ער האָט דעם פירשטענס בעפעהל נישט געקאָנט ערפילען, די איבעריגע פיער סטודענטען האָבען אויך אָנגעהויבען שרייען:

— מוזיק, קעהרט צוריק!

די אוווערטורע איז איבערגעריסען געוואָרען, די איבעריגע שיפלעך זענען צוגעפאָהרען, און פון אַלע האָט מען הויך געשריען: „צוריק, צו רידערן!" מען האָט זיך געמוזט היטען פאַר אַ צוזאַמענשטויס, און דעריבער איז די שיפלעך קוים מיט מיה געלונגען זיך אויסצושטעלען אין דער פריהעריגער אָרדנונג. מען האָט געמוזט שווימען געגען שטראָם, די שיפער האָבען זיך אָנגעלעגט אויף די רודערס.

דער אָרקעסטער האָט אָנגעהויבען שפּילען: „אָ, אונזער אַלטעס היידעלבערג". די סטודענטען זענען צוגעפאָהרען צו רידערן. עס איז געוועזען קענטיג, אַז אין גאָרטען האָט מען אָנגעהויבען אַרומלויפען, זיך צוגרייטען, רידער אַליין איז אויפגערעגט צו'ם טייך אַרויסגעלאָפען. און ווער איז דאָס?... קעטי!

יאָ, דאָס איז זי געוועזען! זי איז רוהיג געשטאַנען אויפ'ן ברעג און זיך בעמיהט צו דערקענען די ערוואַרטעטע געסט. פאַר איז פערביינגעשוואומען דאָס שיפעל מיט די מוזיקאַנטען, וואָס האָט אָבגערוימט דעם וועג פאַר די איבעריגע.

פלוצלונג האָט זי אַ ציטער געטהון: זי האָט דערזעהן קאַלירטע היטעלעך.

— די זאקסען! ענדליך זענען זיי דאך צוריקגעקומען צו אונז!

בילץ איז דער ערשטער אויפ'ן ברעג ארויסגעשפרונגען; זי האט איהם די האנד אויסגעשטרעקט.

— מיאוסע, פארוואס קומט איהר שוין נישט מעהר צו אונז?

פלוצלונג האבען זיך איהרע אויגען ברייט געעפענט, זי האט א טריט צוריק געטהון, אזוי ווי זי וואלט פאר זיך א רוח דערזעהן, דאן האט זיך א געשריי דערהערט, א הארץ־רייסענדער געשריי:

— קארל־היינץ!

ארום איז אלץ שטיל געווארען, אלע האבען דעם אטעם איינגעהאלטען, נאר דער נעקאר, וואס האט זיך די לעצטע טעג פון די פיעל רעגענס צעגאסען, האט מיט געריוש זיינע וועלען געקוילערט, און אויך האט זיך געהערט, ווי דאס שיפעל קלאפט זיך אן ברעג אן.

— דו, דו, דו!

זי האט זיך אלאז געטהון צו איהם און כמעט אהן זינען ארום זיין האלז געבליבען הענגען.

* * *

די דאזיגע לעצטע נאכט פון דעם פירשט אין היידעלבערג איז א מערקווירדיגע נאכט געוועזען. קארל־היינריך איז אזוי ווי אן אנדער מענש געווארען. מיט ברענענדע אויגען פאר אויפרעגונג האבען די יונגע סטודענטען געקוקט אויפ'ן זאקסען־קארלבורגער פירשט, וואס איז וויעדער צווישען זיי געזעסען אין א היטעלע און מיט א באנד, אויך אזא יונגער און לעבענדיגער ווי זיי. אלע סטודענטען האבען אזוי ווי געפיהלט די בעדייטונג פון דער דאזיגער נאכט פאר דעם יעניגען, וואס איז היינט בייטאג געוועזען אזוי פינסטער און שווייגענדיג.

די לעצטע נאכט!

דער ארקעסטער האט געשפיעלט, ריידער איז ארומגעגאנ־

נען צווישען די סטודענטישע טישען מיט אצופריעדענעם שמייכעל אויף זיין פון זארגען אלט געווארענעם געזיכט, און ביי'ם צוים אויף דער גאס איז ווידער ווי א מאל געשטאנען יונגווארג, וואס האט שוין לאנג קיין מוזיק נישט געהערט אין רידערס גארטען.

א, רידער איז געוועזן זיכער, אז איצט וועט ווידער אלץ געהן אזוי ווי א מאל: די סטודענטען וועלען ווידער ווערען זיינע שטענדיגע געסט. ער וועט צוקלאפען צו'ם הויז א ברעטעל מיט א אויפשריפט צו'ם אנדענקען פון דעם וויזיט, וואס זיין האהייט דער זאקסען-קארלבורגער פירשט האט אין זיין רעסטאראנגעמאכט. איצט וועלען זיינע געשעפטען זיכער פערבעסערט ווערען, — בכלל וועט היינטיגער וויזיט פאר איהם א אונגעהויערע בעדייטונג האבען.



— טייערע קעטי!

זיי זענען געשטאנען געארעמט אויפ'ן ברעג, אין שאטען פון צוויי אלטע לינדענבוימער. דורך די קוסטעס האט זיך ארויסגעזעהן דער העל-בעלויכטענער גארטען, וואו רידער האט נאך אלץ נישט אויפגעהערט אויסצוהענגען נייע לאמפיאנען, אויבוואהל די סטודענטען זענען שוין געזעסען ביי איהם איניגע שטונדען.

דאס איז שוין געוועזן נישט יענע אמאליגע קליינע, וואוילע קעטי: איהר פנים'על איז עלטער געווארען, בעקומען עפעס א פרעמדען, טרויעריגען אויסדרוק, נאר זיי זענען געשטאנען פעסט געארעמט, זיי זענען זיך ווידער צונויפגעקומען, כדי זיך אויף אייביג צו שיידען.

זיי האבען כמעט נישט גערעדט, זיי האבען קיינמאל נישט פיעל גערעדט מיטאיינאנדער.

וועגען די צוויי דורכגעלעבטע יאהרען האבען זיי נישט געהאט פיעל זיך צו דערצעהלען; וועגען דער צוקונפט איז שוין גלייבער געוועזן נישט צו רעדען.

אז ער וועט אין ניבען חתונה האבען האט זי שוין פון די

צײַטונגען געוואוסט, און דאָס איז דאָך געווען זעלבסט פֿערשטענד־
ליך, ווען נישט דאָס וואָלט ער דאָך צו איהר נישט צוריקגעקומען.

— און דו, קעטי?

— איך פֿאָהר אוועק אין עסטרײַך, קאַרל־הײַנץ. פֿראַנצל רופֿט מיך אַהין, ער וויל, איך זאָל מיט איהם חתונה האָבען.

שווײַגענדיג זענען זיי געזעסען אײנער אין צווײטענס אָרעמס. נאָר פֿון צײַט צו צײַט צווישען די קושען האָט זי איהם שטיל אײַנגערוימט: „קאַרל־הײַנץ", און ער האָט אויך אַזוי שטיל איהר געענטפֿערט: „קעטי".

זיי האָבען דערמאָהנט דאָס פֿערגאַנגענע: „געדענקסט דעם טאָג, ווען דו ביזט אַוועקפֿאָהרען?". „געדענקסט, ווי מיר האָבען זיך לוסטיג געמאַכט?" און זייער גאַנץ לעבען פֿון אַמאָל האָט זיך זיי אויסגעוויזען ווי אַ ווײַטע, ווײַטע צוריבערהאַפּטע לעגענדע.

— געדענקסט דעם טאָג. ווען דו ביזט אַוועקגעפֿאָהרען?

— יאָ.

— ווען דו האָסט מיר געזאָגט: „איך וועל צוריקקומען!", און דו ביזט צוריקגעקומען!

זי איז געזעסען אויף זײַנע קניה און ער האָט זי זאַנפֿט געוויגט אַזוי ווי אַ קלײן קינד. אָט איז דאָס אַלץ, וואָס ער האָט אין הײדעלבערג געפֿונען; אַלץ, וואָס איז געבליבען פֿון זײַן אַמאָליגען לעבען, פֿון זײַן יוגענד.

— קעטי!

— וואָס?

— מיר וועלען אײנס דאָס אַנדערע קײנמאָל נישט פֿער־געסען. מיר וועלען זיך שוין מעהר נישט זעהן, נאָר איך וועל דיך אײביג געדענקען, אײביג, אײביג, אײביג!

די מוזיק איז שוין לאַנג שטיל געוואָרען, זיי האָבען דערויף קײן אַכט נישט געלעגט.

זיי האָבען נישט בעמערקט, אז דער גאָרטען איז לעדיג געוואָרען. די סטודענטען זענען אַוועק, נישט געזעגענט זיך, ווײַל זיי האָבען זייער שײדען זיך נישט געוואָלט איבעררײַסען.

די לאַמפּיאָנען זענען אויסגעלאָשען געוואָרען אײנער נאָכ'ן

אַנדערען, נאָר אויף דער וועראַנדע איז אַזוי ווי אַ טרײַער שומר נאָך אַלץ געזעסען רידער און דער נעקאַר האָט רוישיג זײַנע וואַסערען געקוילערט.

אַ שטונדע נאָך אַ שטונדע איז פאַרבײַ. ענדליך האָבען די ערשטע העהנער געקרעהט. עס האָט געטאָגט.

זײַ האָבען זיך פאַר די הענד גענומען און פון גאָרטען אַרוים אויף די לעדיגע גאַס.

זי האָט איהם בעגלײַט ביז דעם אָרט, וואו די ערשטע נערטנער פון שטאָדט הויבען זיך אָן.

זײַ זענען שטעהן געבליבען און זיך צום לעצטען מאָל אַרומגענומען.

— קעטי!...

— קאַרל-הײַנץ!...

דאָרט, וואו דער וועג פערדרעהט זיך, האָט ער זיך נאָך אַמאָל אומגעדרעהט. קעטי איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן אַ בוים מיט מאַכטלאָז אַראָבגעלאָזטע הענד. דאָס געזיכט איהרס האָט ער נישט געקאָנט דערזעהן: זי איז געשטאַנען אונבעוועגליך.

אַ ליכטיגער פריהמאָרגען האָט אויפגעשײַנט.

ענדע.

איבערזעצט לעאָן

